— רעוואָלוציאָנערע ביבליאָטהעק — נומער 2. —

# גאט און דער שטאט

— פון —

מיכאאיל באקונין



איבערזעצט פון
ש. יאנאָווסקי.

הערויסגעגעבן פון דער „לידזער אנארכיסטישע גרופע.“
לידז, 1901.

דרוקעריי פון דער לידזער אנארכיסטישע גרופע.



## אַן ערקלעהרונגס וואָרט פֿון דעם איבערזעצער.



אין געוועהנליכען געשפּרעך פֿערשטעהט מען אונטער די ווערטער „מאַטעריאַליסט און אידעאַליסט" גאַנץ עטוואָס אַנדערעס, ווי מע דאַרף עס פֿערשטעהן אין דיזער בראָשורע. „מאַטעריאַליסט" פֿערשטעהט מען געוועהנליך: אַן „עולם הזה׳ניק", אַ מענש אַ פּראַקטישער, וואָס יאָגט זיך ניט נאָך „חלומות", נאָך אַ „נעכטיגען טאָג". אונטער „אידעאַליסט" פֿערשטעהט מען גראַדע דעם היפוך: איינער וואָס איז גאָרניט קיין פּראַקטישער מענש, אַ טרוימער, אַ מענש וואָס, אָנשטאָט זיך צו בעזאָרגען מיט אַ פֿעטע שטעלע און לעבען אַ גוטען טאָג, לויפֿט גאָר נאָך פֿערשידענע אידעאַלען, וועלכע די „פּראַקטישע" מענשען האַלטען אין גרויס פֿעראַכטונג.

ווען מע זאָל אַזוי פֿערשטעהן דיזע צוויי ווערטער, איז באַקונין געווען איינער פֿון די עקסטרימסטע אידעאַליסטען; געבאָרען אַ רוסישער דוואָריאַנין, זייענדיג פֿערוואַנדעט מיט די העכסטע אַריסטאָקראַטיע פֿון רוסלאַנד, האָט באַקונין, ווען ער וואָלט געווען אַ „פּראַקטישער" מענש, געקענט אויסלעבען זיינע יאָהרען אין דעם גרעסטען לוקסוס אין רוסלאַנד און ניט בעדאַרפֿט שטאַרבען אַ פֿערוואָגעלטער אין דער פֿרעמד. ווייל ער איז אָבער געווען אַן אידעאַליסט אין דעם בעסטען זינען פֿון וואָרט, האָט ער אויפֿגעאָפּפֿערט זיין הויכע שטעלונג אין דער געזעלשאַפֿט, זיין רייכטהום, געליטען פֿריזאָן, געווען פֿערשיקט נאָך סיביר, אַנטלאָפֿען, און איבעראַל געפֿיהרט אַ קאַמפֿ, אַ גרויסאַרטיגען, ענערגישען קאַמפֿ, מיט די הערשענדע מעכטע ביז דעם לעצטען טאָג פֿון זיין לעבען.

ניט אַלזאָ אין דיזען זין דאַרף מען פֿערשטעהן די ווערטער „אידעאַליסט" און „מאַטעריאַליסט", וועלכע באַקונין געברויכט אין „גאָט און דער

שטאַט״. עס איז דאָ נאָך אַ צווייטע פֿערטײטשונג, וועלכע דער לעזער מוז האָבען אין זינען, אויב ער וויל ריכטיג פֿערשטעהן די טיפֿזיניגע ווערטער פֿון באַקונין.

שוין אין די אַלטגרויע צייטען זיינען געווען צווייערליי מיינונגען איבער דער נאַטור פֿון׳ם שטאָף, פֿון די מאַטעריע. איין דעה איז געווען, אַז דער שטאָף איז גאָרניט, איז עטוואָס טויטעס, וואָס לעבט נור דורך דעם כוח פֿון אַן אויסערליכע קראַפֿט. אָהן דיזע קראַפֿט איז די מאַטעריע אַבסאָלוט גאָרניט, נור מיט איהר איז עס עפּעס. דער גייסט איז אַלעס, דאָס פֿלייש איז גאָרניט. אין חומש ווערט דערצעהלט זעהר נאַיוו, ווי גאָט האָט גענומען ליים און געמאַכט אַ מענשען אין זיין געשטאַלט, און נאַכהער האָט ער אין איהם אַריינגעבלאָזען אַ נשמה. דער מענש וואָס האָט דאָס געשריבען, איז געווען פֿון דער מיינונג, אַז מאַטעריע אַליין איז גאָרניט און דאָס עס איז נויטווענדיג אַן אויסערליכע קראַפֿט, וועלכע זאָל עס ערשט בעלעבען.

עס איז זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז דיזע מענשען, וואָס האָבען אַזוי ווייניג געהאַלטען פֿון דער מאַטעריע, זאָלען זיך האָבען גענויטיגט אין אַ „העכערעס וועזען״, אין אַ גאָט, וואָס זאָל דאָס אַלעס פֿערוואַלטען, אַלס אַן „אויבערשטען״, אַ מלך מלכי המלכים, האָבען זיי איהם בעשיינקט מיט אַלע מעלות וואָס זיי האָבען זיך נאָר געקענט פֿאָרשטעלען, און פֿון דער מאַטעריע האָבען זיי אַלעס אַוועקגענומען, כדי זיי זאָלען איהר קענען בעסער אַוועקגעבען אונטער דער השגחה פֿון כביכול.

דאָ בעט זיך אַ קורצע מעשה צו בעסערער ערקלעהרונג: אַ געוויסער פּראָפֿעסאָר איז געווען אַ שטאַרקער געגנער פֿון פֿרויען-עמאַנציפּאַציאָן. איין מאָל האָט מען אין זיין קליניק געבראַכט אַ קראַנקע, צוקאָרטשעטען לאָמע, שמוציגע אַרבייטער פֿרוי פֿון אַ יאָהר זעכציג. דערזעהענדיג דיזע עלענדע בעשעפֿעניש, האָט ער אויסגעשריען: „זעהט נאָר! און דאָס וויל נאָך האָבען גלייכע רעכטע מיט׳ן מאַן!״ דער קלוגער פּראָפֿעסאָר האָט דאָ געמיינט צו געבען אַ טויטקלאַפּ די פֿרויען-עמאַנציפּאַציאָן, פֿערגעסענדיג, אַז דיזער עלענדער נפש האָט זעכציג יאָהר נאָכאַנאַנד געליטען הונגער און קעלט, געהאַט אודאי אַ פֿופֿצען קינדער און אויסגעשטאַנען פֿון זיי אַלע צרות, נאַטירליך, נאָכדעם, ווען איהר יוגענד און שעהנהייט איז פֿון איהר געראַבט געוואָרען, בעדאַרף מען טאַקע זיין אַ פּראָפֿעסאָר צו קענען זאָגען: „זעהט נאָר, דאָס וויל אויך גלייכע רעכטע!״ פּונקט דאָסזעלבע טהוען די אידעאַליסטען. גאָט מאַכען זיי פֿאַר אַלעס גוטעס, שעהנעס און ערהאַבענעס; פֿון דער מאַטעריע מאַכען זיי דאָס, וואָס די געזעלשאַפֿט

האָט געמאַכט פֿון דער אונגליקליכער וואַשפֿרוי, אָדער מיינעטוועגען, פֿון יעדען אַרבייטער, און דאַן שרייען זיי אויס מיט נצחון: „זעהט נאָר, וואָס איז די אונגליקליכע מאַטעריע? גאָרנישט! דער גייסט מאַכט אַלעס!

דיזע מענשען רופֿט אַן באַקונין „די אידעאַליסטען”; זייער שטאַנדפּונקט בעקעמפֿט ער מיט די גאַנצע שאַרפֿקייט פֿון זיין שניידענדער לאָגיק.

די מאַטעריאַליסטען, צו וועלכע ער אַליין רעכענט זיך, לייקענען ניט אָב דעם גייסט, ווי מאַנכע דיינקען. פֿערקעהרט, אין זיין ערשטען זאַץ רעט שוין באַקונין פֿון גייסט, אָבער דער מאַטעריאַליסט ווייס ניט פֿון אַ גייסט, וואָס איז אויסער דער מאַטעריע, דער גייסט איז אין דער מאַטעריע גופא. מאַטעריע אָהן גייסט, איז פֿאַר דעם מאַטעריאַליסט און פֿאַר די גאַנצע מאָדערנע וויסענשאַפֿט, גאַניץ עטוואָס אונדיינקבאַרעס, אונמעגליכס.

עס איז דאַרום אויך זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז פֿאַר דעם מאַטעריאַליסט איז אַ גאָט, אַ העכערעס וועזען, אַ גאַניץ איבריגע זאַך. פֿאַר אַ קינד דאַרף מען אַ ניאַנקע, ווייל עס קען זיך אַליין ניט העלפֿען, אַן ערוואַקסענער מענש אָבער דאַרף קיינע ניאַנקעס, אויב מע זאָל פֿערשטעהן אונטער׳ן וואָרט „ערוואַקסענער” אַ מענש מיט אַלע פֿעהיגקייטען זיך אַליין צו העלפֿען. דאָסזעלבע איז מיט די מאַטעריע פֿון דעם מאַטעריאַליסט. וויבאַלד אין דער מאַטעריע איז אַלעס דאָ, וואָס עס איז נייטיג פֿאַר איהר לעבען און ענטוויקלונג, וויבאַלד שטאָף איז ניט מעגליך אָהן קראַפֿט, איז יעדע העכערע קראַפֿט, יעדער גייסט אָהן שטאָף איינפֿאַך אַן איינרייידעניש. דער אידעאַליסט איז אַלזאָ אַ מענש, וואָס טראָגט זיך צו מיט דער גרעסטער פֿעראַכטונג צו דער מאַטעריע, אָבער דערפֿאַר מיט דער גרעסטער עהרפֿורכט קניעט ער פֿאַר זיין גאָט, דעם גייסט. דער מאַטעריאַליסט איז דער מענש, וואָס האַלט די מאַטעריע פֿאַר דאָס איינציגע וואָס איז דאָ, וואָס שליסט אין זיך אַלעס איין, און וואָס ענטוויקעלט זיך צו די העכסטע מדרגה פֿון אידעאַל נאָך איהרע אייגענע, גאַניץ אונפֿערמיידליכע געזעצע.

מיט דיזע ווערטער שליס איך, האָפֿענדיג צו האָבען אַביסעל גרינגער געמאַכט דעם לעזער צו בענעהמען דעם גאַנצען געדאַנקען-רייכטהום פֿון באַקונין׳ס „גאָט און דער שטאַט”.

דער איבערזעצער.







פאַר די געשיכטליכע ענטוויקלונג, ווי פון דעם איינצעלנעם מענשען, אַזוי אויך פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, זיינען געוועזן נויטיג דריי גרונדפּרינציפּען: ערשטענס, דאָס געהערען פון דעם מענשען צו די וועלט פון חיות, לעבעדיגע וועזענס; צווייטענס, פערשטאַנד, און דריטענס, דער גייסט פון רעבעליאָן, פון ווידערשטאַנד. די ערשטע אייגענשאַפט האָט אַרויסגעפאָדערט דעם עקאָנאָמישען אַרט לעבען פון מענשען; די צווייטע — זיין פאָרטשריט אין דער וויסענשאַפט און די דריטע אייגענשאַפט האָט געמוזט אונבעדינגט אַרויסרופען זיין קאַמפף פאַר פרייהייט.

די אידעאַליסטען פון אַלערליי שאַטירונגען, אַריסטאָקראַטען, בורזשואַס, גאָטסגעלעהרענטע, מעטאַפיזיקער, פאָליטיקער, מאָראַליסטען, פהילאָזאָפען, פאָעטען און ניט צו פערגעסען אַ געוויסע שולע בורזשואַ־סאָציאַליסטען — זיי אַלע פערדריסט זעהר שטאַרק, ווען זיי הערען זאָגען, אַז דער מענש, גייסטרייך ווי ער איז, מיט אַלע זיינע הויכע אידעאַלען און גרענעצלאָזע בעשטרעבונגען איז, ווי אַלעס אַנדערעס אין דיזער וועלט, נור דער פראָדוקט פון די „פערעכטליכע" גאַנץ געוועהנליכע מאַטעריע.

נאַטירליך, איז די מאַטעריע, פון וועלכע דער מאַטעריאַליסט רעט, אַ גאַנץ אַנדערע ווי די וואָס די אידעאַליסטען

האָבען אין זינען. די מאַטעריע וואָס געפֿינט זיך אין אַן אייביגע בעוועגונג, אייביג טהעטיג, אייביג שאַפֿענד; די מאַטעריע, וואָס איז בעשטימט כעמיש און אָרגאַניש, און צייגט זיך דורך די קרעפֿטע פֿון אַ פֿיזישען און גייסטיגען כאַראַקטער, וואָס זיינען אין איהר, — דיזע מאַטעריע איז אַ גאַנץ קליינער מחותן מיט די מאַטעריע, דעם שטאָף, פֿון וועלכען די אידיאַליסטעןריידען. זייער מאַטעריע איז ווירקליך אַ זאַך אָהן גייסט, אָהן בעוועגונג; אַ זאַך, וואָס איז ניט אימשטאַנד צו שאַפֿען דאָס מינדעסטע, אַ ווירקליך זעהר העסליכע פֿאַנטאַזיע אין געגענזאַץ צו די שעהנע פֿאַנטאַזיע, וואָס זיי רופֿען אָן גאָט. אַלס דער היפוך פֿון דיזען העכסטען וועזען, מוז זייער מאַטעריע—בערויבט פֿון אַלעס וואָס איהר אמת׳ע נאַטור איז—ווירקליך מיט זיך פֿאָרשטעלען דאָס העכסטע ג אָ ר נ י ט. זיי, די אידעאַליסטען, האָבען אַוועקגענומען פֿון׳ם שטאָף, פֿון דער מאַטעריע איהר אינטעליגענץ, איהר לעבען, אַלע איהרע אייגענשאַפֿטען, וואָס מאַכען איהר צו מאַטעריע. דיזע אַלע אַייגענשאַפֿטען האָבען זיי אַריבערגעטראָגען אויף דעם פֿאַנטאַסטישען וועזען, און דאַן, איבערבייטענדיג זייערע ראָלען, האָבען זיי אָנגערופֿען די שעפֿפֿונג פֿון זייער פֿאַנ־טאַזיע — „גאָט", וואָס איז ווירקליך גאָרניט, דער העכסטער וועזען, דער „אויבערשטער", און דעריבער האָבען זיי די ווירקליכע זאַך, די מאַטעריע, די וועלט, געמוזט ערקלעהרען אַלס אַ הבל הבלים, אַלס אַ גאָרניט. נאָכדעם, ווי זיי האָבען בערויבט די מאַטעריע פֿון אַלעס וואָס איז איהרע און אויס־געפוצט אין דעם זייער גאָט, זאָגען זיי אונז מיט אַן ערענסטען טאָן, דאָס דיזע מאַטעריע איז אונפֿעהיג צו בעשאַפֿען עט־וואָס, דאָס זי קען זיך אפילו אַליין ניט אָנפֿאַנגען צו בעוועגען, און דאָס דאַרום האָט זי געמוזט געשאַפֿען ווערען פֿון זייער גאָט.

ווער איז גערעכט: די אידעאַליסטען אָדער די מאַטעריאַ־ליסטען? מע דאַרף נור דיזע פֿראַגע אַוועקשטעלען קלאָהר

און דייטליך און עס קען דאָ ניט געבען קיין צוויידייטיגער ענטפֿער; עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז די אידעאַליסטען זיינען אונגערעכט און די מאַטעריאַליסטען זיינען גערעכט. יאַ, פֿאַקטען קומען פֿאַר די אידעאַלען. יאַ, דער אידעאַל, ווי פּרודאָהן האָט געזאָגט, איז בלויז אַ בלום, וועמעס וואָרצלען ליגען אין די מאַטעריעלע פֿערהעלטניסע פֿון לעבען. יאַ, די גאַנצע געשיכטע פֿון דער מענשהייט, די גייסטיגע, מאָראַלישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע, איז נור די אָבשטראַהלונג פֿון איהר עקאָנאָמישע געשיכטע.

די גאַנצע וויסענשאַפֿט, די אמת'ע, די אונפּאַרטהייאישע וויסענשאַפֿט, שרייט אויס פֿאָלגענדע גרויסאַרטיגע וואַרהייט: די סאָציאַלע וועלט, ריכטיגער געזאָגט, די מענשליכע וועלט, — אין קורצען די מענשהייט, איז גאָר ניט עטוואָס אַנדערס, ווי נור די העכסטע ענטוויקלונג, די העכסטע מאַניפֿעסטאַציאָן וואָס דער לעבען קען שאַפֿען, ווייניגסטענס אויף אונזער ערדקוגעל, אַזוי ווייט ווי מיר וויסען. ווייל אָבער ענטוויקלונג מיינט, דאָס אויך זאָל ווערען גראַדע דער געגענזאַץ פֿון דעם, פֿון וואָס זי האָט זיך אָנגעפֿאַנגען, איז די מענשהייט צו גלייבער צייט די לאַנגזאַמע און זעהר נאַטיליבע פֿערניינונג, אָדער אויפֿהערונג פֿון דעם טהירישען עלעמענט אין זיך. און גראַדע דיזע נויטוועגדיגע היסטאָרישע און לאָגישע ענטוויקלונג איז עס, וואָס בעשאַפֿט דעם אידעאַל, די וועלט פֿון גייסטיגע און מאָראַלישע איבערצייגונגען.

יאַ, אונזערע ערשטע אור-אור-עלטערען, אונזערע אדם'ס און חוה'ס זיינע געוועזען, אויב ניט קיין גאָרילאַס, יעדענפֿאַלס, עטוואָס זעהר נאָהנטע קרובים פֿון דעם גאָרילאַ — אַלעס פֿרעסענדע, אינטעליגענטע און בייזע חיות, בעגאַבט אין אַ העכערען גראַד, ווי די חיות פֿון אַלע אַנדערע מינים, מיט צוויי אונשעצבאַרע פֿעהיגקייטען — דיקראַפֿט צום דיינקען און דעם וואונש צו רעבעלירען.

דיזע צוויי פֿעהיגקייטען, פֿעראייניגענדיג זייער פּראָגרעסיווע

טהעטיגקייט אין דער געשיכטע, שטעלען מיט זיך פֿאָר דאָס העכערע, וואָס עס האָט זיך אויסגעבילדעט פֿון דעם מענשען — ד' מענשליכקייט אין די חיה=מענש.

תורת משה — וועלכע איז אַ זעהר אינטערעסאַנטער און אין פֿילע שטעלען אַ מערקווירדיג טיפֿער בוך, ווען מע זאָל איהם בעטראַכטען אַלס איינע פֿון די עלטסטע מאַניפֿעסטאַציאָנען פֿון דעם מענשליכען פֿערשטאַנד און פֿאַנטאַזיע — דריקט אויס די גרויסאַרטיגע וואַרהייט פֿון די ענטוויקלונג פֿון'ם מענשען, פֿון חיה צום מענש, אין די מעשה פֿון די ערשטע זינד. יהוה, וועלכער פֿון אַלע געטער, פֿאַר וועלכע מענשען האָבען זיך אַמאָל געבוקט, איז געווים דער אויפֿערזיכטיגסטער, דער בייזעסטער, דער אונגערעכטעסטער, דער בלוטדורשטיגסטער, דער דעספּאָטישסטער און גרעסטער האַסער פֿון מענשליכען שטאָלץ און פֿרייהייט — אָט דיזער יהוה האָט נור וואָס בעשאַפֿען אדם און חוה צו בעפֿרידיגען — ווער ווייס וואָס פֿאַר אַ קאַפּריז, אָדער אפשר, כדי ער זאָל קענען האָבען איינינגע נייע שקלאַפֿען.

גאָר ניט ווי קיין קאַרגער, האָט ער אַוועקגעגעבען אין זייער רשות די גאַנצע ערד מיט איהרע פֿרוכט און חיות, נור מיט איין איינציגע אויסנאַהמע, ער האָט זיי אויסדריקליך פֿערבאָטען אָנצוריהרען פֿון דעם עץ הדעת, פֿון דעם בוים פֿון וויסען. ער האָט דאַרום פֿערלאַנגט, דאָס דער מענש, ניט האָבענדיג קיין בעגריף איבער עטוואָס, זאָל בלייבען אַן אויביגע חיה, אימער אויף אַלע פֿיר פֿאַר דעם לעבעדיגען גאָט, זיין בעשעפֿער און זיין הער. אָבער דאָ מישט זיך אַריין דער שטן, דער טייוועל, דער אויביגער רעוואָלוציאָנער, דער ערשטער פֿריידיינקער און וועלטען בעפֿרייער. ער מאַכט דעם מענשען זיך פֿערשעהמען מיט זיין טהירישע אונוויסענהייט און פֿאָלגזאַמקייט, ער בעפֿרייט איהם ער לייגט אַרויף אויף זיין שטערען דעם שטעמפּעל פֿון פֿרייהייט און

מענשליכקייט דערמיט, וואָס ער רעט איהם צו צו עסען פֿון'ם עץ הדעת.

מיר ווייסען, וואָס נאָכדעם האָט פּאַסירט. דער גוטער גאָט, וואָס האָט אייגענטליך בעדאַרפֿט פֿריהער וויסען וואָס מוז טרעפֿען, איז געוואָרען שרעקליך און אויך לעבערליך אויפֿגעבראַכט. ער האָט פֿערפֿלוכט דעם שטן, דעם מענשען און די וועלט, וועלכע ער אַליין האָט בעשאַפֿען; שפּייענדיג און שלאָגענדיג אַלזאַ זיך אַליין אין פּנים דורך זיינע אייגענע בעשעפֿעניסע, פּונקט ווי קינדער טהוען עס ווען זיי ווערען בייז, און נאָך ניט צופֿרידען דערמיט, וואָס ער האָט בעשטראָפֿט אונזערע אור-אור-עלטערען, האָט ער זיי פֿערשאָלטען אויף דור דורות, וואָס זיינען גאָר אונשולדיג אין דעם פֿערברעכען פֿון זייערע אור-אור-עלטערען! אונזערע קאַטוילישע, פּראָטעסטאַנטישע און אידישע טהעאָלאָגען האַלטען דיזע בעשטראָפֿונג פֿאַר אַ זעדר טיפֿזיניגע און אַ זעהר גערעכטע שטראַפֿע עבען דערפֿאַר, ווייל זי איז אַזוי גרויזאַם און אונזיניג. דאַן, דערמאָנענדיג זיך, דאָס ער איז ניט נור א גאָט, אַ גאָט פֿון ראַכע, נור אויך אַ גאָט פֿון ליבע, נאָכדעם ווי ער האָט שוין פֿערביטערט דאָס לעבען פֿון עטליכע ביליאָנען אָרעמע מענשליכע בעשעפֿענישע און האָט זיי פֿערדאַמט צום אייביגען גיהינום, האָט ער רחמנות געקראָגען אויף די איבעריגע, און צום ראַטעווען זיי און מאַכען שלום צווישען זיין אייביגע געטליכע ליבע מיט זיין אייביגען געטליכען גרימצאָרען, אימער דורשטענדיג נאָך קרבנות און בלוט, האָט ער אַראָבגעשיקט צו אונז זיין איינציגען זון, כדי מיר זאָלען עם הרג'ענען און דערמיט זאָל ער ווערען אונזער ערלייזער, אונזער משיח. דיזע מעשה איז דער גאַנצער פֿונדאַמענט פֿון דער קריסטליכער רעליגיאָן.

דאָך, וואָלט דער געטליכער משיח לכל הפחות ערלייזט די גאַנצע מענשליכע וועלט! אָבער ניין! אין דעם גן עדן,

וועלכער יעזוס קריסטוס זאָגט צו, וועלען נור זיין איינינע, די אויסערוועהלטע, די אויסגעקליבענע. און די איבעריגע, די גרויבע מעהרצאָל פֿון די דורות, וואָס זיינען און וועלען קומען ,וועלען אייביג מוזען גע'שרפה'עט ווערען אין גיהינים דערוויל, אום צו טרייסטען אונז, גיט אונז איבער דער גוטער, גערעכטער גאָט און די הערשאַפֿט פֿון די נאַפּאָלעאָנס, די ביסמאַרקס, די ווילהעלמס, די ניקאָלייס, די צאַרען פֿון גאַנץ רוסלאַנד.

אַזעלכע זיינען עס די נאַרישע מעשיות, און די גרויזאַמע לעהרען, וואָס מען לעהרענט אין אַלע פֿאָלקס שוהלען פֿון דעם נייִנצעהנטען יאָהרהונדערט! דאָס רופֿען זיי: „צוויליזירען דאָס פֿאָלק“. איז עס דען ניט קלאָהר, דאָס אַלע רעגירונגען זיינען סיסטעמאַטישע פֿערגיפֿטער, פֿעראינטערעסירטע פֿערדומער פֿון די פֿאָלקס מאַסען?

דיזע זיינען עס די געמיינע און פֿערברעכערשע מיטעל, וועלכע זיי געברויכען, אום צו האַלטען די נאַציאָנען אין אייביגער שקלאַפֿעריי, כדי זיי זאָלען קענען בעסער שינדען און בערויבען זיי. וואָס איז אַ פֿערברעכען פֿון אַן איינצעלנעם מענשען — מעג עס זיין דער שרעקליכסטער פֿערברעכען — אין פֿערגלייך מיט דיזען פֿערברעכען פֿון פֿערראַטה געגען די מענשהייט, וועלכע ווערט בעגאַנגען טעגליך, אין מיטען העלען טאָג איבער די אויבערפֿלעכע פֿון דער גאַנצער צוויליזירטער וועלט פֿון די, וואָס רופֿען זיך די בעשיצער, די פֿאָטערס פֿון פֿאָלק?

און דאָך, אין דיזע מעשה פֿון דעם מענשען'ס ערשטען פֿאַלען, האָט גאָט אַליין צוגעגעבען, אַז דער שטן איז געווען גערעכט, דאָס ער האָט ניט אָבגענאַרט אדם און חוה, צוזאָגענדיג זיי וויסען און פֿרייהייט, אַלס אַ בעלוינונג פֿאַר די טהאַט פֿון אונגעהאָרכזאַמקייט, וועלכע ער האָט 'זיי אָנגערעגט צו טהאָן. אַזוי שנעל ווי אדם און חוה האָבען גענאַשט פֿון עץ הדעת, האָט גאָט אַליין געזאָגט: „זעה נור, דער מענש ווערט

דאָך גאָר, ווי איינער פֿון די געטער, ער קען אונטערשיידען פֿון גוט ביז שלעכט! לאָז איהם דארום ניט אויך עסען פֿון די פֿרוכט פֿון אייביגען לעבען; ער קען נאָך ווערען אַזוי אונשטערבליך ווי מיר אַליין!"

לאָמיר אָבער זיך ניט בעשעפֿטיגען לייגגער מיט דער פֿאַבעלהאַפֿטער טהייל פֿון דיזער געשיכטע, און לאָמיר בעטראַכטען זיין אמת'ן זין, וועלכער איז זעהר קלאָהר און איינפֿאַך: דער מענש האָט בעפֿרייט זיך זעלבסט, האָט זיך אָבגעזונדערט פֿון דעם מין חיה און האָט אָנגהויבען ווערען אַ מענש, האָט אָנגעהויבען זיין אויסדריקליך מענשליכע געשיכטע און ענטוויקלונג דורך אַן אַקט פֿון אונגעהאָרכזאַמקייט און פֿאָרשונג — דאָס הייסט, דורך רעבעליאָן און דיינקען.

די סיסטעמע פֿון די אידעאַליסטען איז גאַנץ דער געגענזאַץ פֿון דעם: זי איז פּונקט קאַפּויער פֿון די גאַנצע מענשליכע ערפֿאַהרונג, פֿון דעם אַלטוועלטליכען און געזונדען, גוטען פֿערשטאַנד, וועלכער איז דער עיקר-בעדינגונג פֿון דעם גאַנצען מענשליכען דיינקען, און וועלכער, אויפֿהויבענדיג זיך פֿון די איינפֿאַכע וואַרהייט, דאָס צוויי מאָל צוויי איז פֿיר, צו די העכסטע און קאָמפּליצירטעסטע וויסענשאַפֿטליכע בעטראַכטונגען, איז דער איינציגער און פֿעסטער פֿונדאַמענט פֿון מענשליכע וויסענשאַפֿט, ניט צוגעבענדיג, ניט אַנערקענענדיג קיין זאַך, וואָס האָט ניט אויסגעהאַלטען די סטרענגסטע פּראָבען פֿון ערפֿאַהרונג און בעאָבאַכטונג פֿון זאַכען און פֿאַקטען.

מע קען זעהר גוט בעגרייפֿען די לאַנגזאַמע און שטופֿענווייזע ענטוויקלונג פֿון די מאַטעריעלע וועלט, אַזוי גוט ווי פֿון אָרגאַנישען און טהירישען לעבען און היסטאָריש פֿאָרטשרייטענדע אינטעליגענץ אין דעם מענשען, אין דעם איינצעלנעם, ווי אין די געזעלשאַפֿט. אַ בעוועגונג פֿון דאָס איינפֿאַכע צו דאָס פֿילפֿאַכע, פֿון די נידריגע צו די העכערע, איז נאַטירליך. דאָס איז אַ בעוועגונג, וועלכע איז אין אַנקלאַנג

מיט אַלע אונזערע טעגליכע ערפאַהרונגען און דאַרום אויך מיט אונזער נאַטירליכע לאָגיק, מיט די ספּעציעלע געזעצע פון אונזער פערשטאַנד, וועלכע זייענדיג אליין דאס קינד, געבאָרען און אויסגעבילדעט פון דיזעלבע ערפאַהרונגען, קען נור זיין, זאָ צו זאָגען, דער אָבגעשפּיגעלטער סך הכול פון זיי.

די אידעאַליסטען אָבער, זיינען זעהר ווייט פון נאָבצופאָר־שען די נאַטירליכע ענטוויקלונג פון דאָס נידריגע צו די העכערע און פון דאָס פערהעלטניסמעסיג איינפאַכע צו דאָס, וואָס איז אין העכסטען גראַד פערוויקעלט. אָנשטאָט נאָבצו־זוכען די פּראָגרעסיווע און אמת׳ע בעוועגונג פון די וועלט, וואָס מע רופט „טויטע״, ניט אָרגאַנישע צו די אָרגאַנישע וועלט, צו דער וועלט פון פלאַנצען, חיות, מענשען — פון די מאַטעריע וואָס האָט שוין לעבען אין זיך, פון די לעבעדיגע בעשעפעניש צו די דיינקענדע בעשעפעניש, טהוען די אידעאַ־ליסטען, געבלענדעט און געשטופּט פון דעם שאָטען, וואָס זיי האָבען גע׳ירשה׳ט פון אַלע רעליגיאָנסלעהרען, פונקט קאַפויר: זיי געהען פון דאָס העכסטע צו דאָס נידריגסטע, פון דאָס פילפאַכסטע צו דאָס איינפאַכסטע. זיי פאַנגען אָן מיט גאָט, אָדער אַלס פערזאָן, אָדער אַלס אַ געטליכער געגענשטאַנד, אָדער אַלס אידעע, און דער ערשטער טריט וואָס זיי מאַכען, איז שוין אַ שרעקליכער פאַל פון דעם העכסטען שפּיץ פון די אייביגע אידעע אין די בלאָטע פון דער מאַטעריעלע וועלט. פון דער אַבסאָלוטער פאָלקאָמענ־הייט פאַלען זיי אַרונטער צו די אַבסאָלוטע אונפאָלקאָמענהייט; פון געדאַנק צו די שעפּפונג, אָדער בעסער געזאָגט, פון דעם העכסטען וועזען פאַלען זיי אַרונטער צו גאָרניט. ווען, ווי אַזוי און וואָרום דיזער געטליכער וועזען — אייביג, אונ־ענדליך, פאָלקאָמען, וואַהרשיינליך וועלענדיג איבערדריסיג מיט זיך זעלבסט — האָט זיך ענטשלאָסען צו מאַכען דיזען פערצווייפעלטען שפּרונג, איז עטוואָס וואָס קיין אידעאַליסט,

קיין טהעאָלאָג, קיין מעטאַפיזיקער, קיין פּאָעט איז אַמאָל פעהיג געווען אַליין צו פערשטעהן אָדער ערקלעהרען עס דיאוגוויס־ענדע אָבלאַבער. אַלע רעליגיאָנען, די פערגאַנגענע און געגענ־ווערטיגע, דרעהען זיך אַרום דיזעס שרעקליכעס געהיימניס. היילינע געזעצגעבער, פּראָפעטען, משיחים האָבען עס געזוכט פאַר'ן גאַנצען לעבען, און האָבען נור געפונען קוועלערייען און טויט. גרויסע פילאָזאָפען, פון הערַאקליט ביז פּלאַטאָ און ביז צו דעקאַרט, ספינאָזאַ, לייבניץ, קאַנט, פיכטע, שעלינג און העגעל, ניט רעכענענדיג די פילאָזאָפען פון די מזרח לענדער, האָבען אָנגעשריבען בערג מיט ביכער, אין וועלכע זיי האָבען אַרויסגעזאָגט זעהער שעהנע, ערהאַבענע געדאַנקען, אָבער דער סוד, וואָס זיי זיינען נעגאַנגען אויסגעפינען, איז געבליבען פונט אַזוי דונקעל ווי פריהער. די גיגאַנטישע אָנשטרענגונגען פון די וואונדערבאַרסטע געדאַנקען־ריזען, וואָס די וועלט האָט געקאָנט פאַר גאַנצע דרייסיג הונדערט יאָהר, האָבען זיך געענדיגט דערמיט, דאָס דער סוד איז נאָך איצט וויניגער פערשטענדליך און בעגרייפליך. קענען מיר דען ערוואַרטען, אַז דיזער סוד זאָל אונז אַמאָל ענדעקט ווערען דורך די אויסגעוועבטע ספּעקולאַציאָנען פון אַ פּעדאַנטישען שילער פון אַן אויפגעוואַרעמטע מעטאַפיזיק, וועהרענד אַלע לעבעדיגע, אמת־גרויסע גייסטער האָבען שוין לאַנג אויפגעגעבען דיזע פאַנ־טאַסטישע וויסענשאַפט, וועלכע איז געווען דאָס קינד פון אַ קאָמפּראָמיס צווישען דעם אונזין פון גלויבען און די געזונטע וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען?

עס איז אַלזאָ קלאָהר, דאָס די געהיימניס, צו וואָס דער גאָט — רער פאָלקאָמענער, דער אונענדליכער, דער אייביגער — האָט בעשאַפען דיזע גאָרנישטיגע מאַטעריע און וואָס ער האָט געטהאָן ביז דאַן, איז אונערקלעהרליך, דאָס הייסט אונזיניג; ווייל נור דאָס אונזיניגע לאָזט זיך ניט ערקלעהרען. עס איז קלאָהר, אַז דער גלויביגער, פאַר וועמען דיזע

געהיימנים איז זיין גאַנצער לעבען און גליק, מוז זיך ענט־זאַגען פון פערשטאַנד און זאָגען צוזאַמען מיט טערטוליאַנוס און מיט אַלע גלויביגע די ווערטער וועלכע דריקען אויס דעם עיקר פון אַלע רעליגיאָנען: „איך גלויב, ווייל עס איז „אונזיניג."

דאַן הערען אויף נאַטירליך אַלע אַרגומענטען, און עס בלייבט נור די טריומפפירענדע נאַרישקייט פון גלויבען אָבער דאַן הויבט זיך גלייך אויף אַן אַנדער פראַגע:

*ווי קומט אַן אינטעליגענטער און גוט גע־בילדעטער מענש צו די נויטווענדיגקייט צו גלויבען אין דיזער געהיימנים?*

קיין זאַך קען ניט זיין נאַטירליכער, ווי דער גלויבען אין גאָט — דעם בעשעפער, דעם פיהרער, דעם ריכטער, דעם הער, דעם פערשעלטער, דעם רעטער און בעשיצער פון דער וועלט — זאָל נאָך הערשען צווישען פאָלק, איבערהויפט צווישען די לאַנד בעפעלקערונג, וואו די רעליגיאָן איז נאָך פיל שטאַרקער, ווי צווישען דעם שטעטישען פראָלעטאַריאַט. דאָס פאָלק איז אונגליקליכער ווייזע נאָך זעהר אונוויסענד, און ווערט געהאַלטען אין אונוויסענהייט דורך די סיסטעמאַטישע אַנשטרענגונגען פון אַלע רעליגיאָנען, וועלכע בעטראַכטען אונוויסענהייט — און ניט אָהן אַ גוטען גרונד — אַלס איינע פון די הויפט קאָנדיציאָנען פון זייער אייגענע מאַכט. אונ־טערדריקט פון זייער שווערע טעגליכע אַרבייט, בערויבט פון אַ פרייע מינוט, פון אַן אינטעליגענטע געזעלשאַפט, פון לעזען, אין קורצען, פון אַלעס וואָס טרייבט מענשען צו דיינקען, צו ענטוויקלען זייער גייסט, נעהמען די מענשען אָן פאַר וואַהר די אלטע טראַדיציאָנעלע מיינונגען אָהן אירגענד וועלכע קריטיק. דיזער אַלטער גלויבען רינגעלט זיי אַרום פון זייער קינדהייט אָן אין אַלע שטעלונגען פון זייער לעבען, און ווערט קינסטליך אויפגעהאַלטען אין זייערע מוחות דורך אַ מאַסע אָפּיציעלע פערגיפטער פון אַלערליי

סאָרטען, פּריסטער און פּריוואַט פּרעדיגער; אזוי ווערט ביי זיי די רעליגיאָן צו אַ געוואוינהייט, וועלכע איז צו שטארק, דאָס זייער גוטער פערשטאַנד זאָל עס קענען בייקומען.

עס איז דאָ נאָך אַן אורזאַכע, וועלכע ערקלעהרט און איינינגערמאַסען רעכטפערטיגט דעם נאַרישען גלויבען פון פאָלק — נעמליך, די שרעקליכע לאַגע, צו וועלכע עס איז פערדאַמט איבער די גאַנצע צוויליזירטע וועלט פון די עקאָנאָמישע איינריכטונגען פון די געזעלשאַפט. אונטערדריקט גייסטיג און מאָראַליש, אזוי ווי אויך מאַטעריעל, צו דאָס קלענסטע וואָס מע קען אָנרופען אַ מענשליכע עקזיסטענץ; פערשקלאַפט אין זיין לעבען, ווי אַ געפאַנגענער אין זיין פינסטערען קאַמערעל, אָהן אירגענד וועלכע אויסזיכט, אָהן אַ צוקונפט, וואָלט דאָס פאָלק געמוזט האָבען די מערקווירדיג שמאָלינקע, ענגע הערצער פון די בורזשואזיע, ווען עס וואָלט ניט פערשפּירט אַ וואונש צו ענטלויפען, צו רעטען זיך פון דיזען עלענד. אָבער אום דאָס אויסצופיהרען זיינען דאָ דריי מיטלען: צוויי פאַלשע און איינער אַריכטיגער. די ערשטע צוויי זיינען: דער שענק אָדער די קירכע — די פּראָסטיטוציאירונג אָדער פון דעם קערפּער אָדער פון דעם געדאַנק; דער דריטער איז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. דיזער מיטעל וועט זיין פיל שטאַרקער, ווי די גאַנצע אַבסטראַקטע פּראָפּאַגאַנדאַ פון די „פריידיינקער“ צו פערניכטען דעם רעליגיעזען שווינדעל און די אויסגעלאַסענע געוואוינהייטען פון פאָלק. נור די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, געבענדיג אָנשטאָט די נראָבע פערגעניגענס איידעלערע, מענשליכערע, מאַכענדיג פאַר די מענשהייט די מעגליכקייט פון אַ פאָלקאָמענע ענטוויקלונג, נור זי וועט קענען מאַכען אַ סוף צו די שענקען און די קלויסטערס.

ביז דאַן וועט דאָס פאָלק אַלס גאַנצעס, בלייבען ביי זיין גלויבען, און אויב ער האָט דערצו קיין גרונד ניט, האָט ער ווייניגסטענס אַ רעכט.

דאַן איז דאָ אַ קלאַס מענשען, וועלכע אויב זיי גלויבען ניט, מוזען זיי מאַכען דעם אָנשטעל, אַזוי ווי זיי גלויבען; צו דיזער קלאַס געהערען די אַלע קוועלער, דריקער און שינדער פון דער מענשהייט: פריסטער, מאָנאַכען, שטאַטסבעאַמטע, סאָלדאַטען, פינאַנסיסטען, פּאָליציסטען, זשאַנדאַרען, הענקער, מאָנאָפּאָליסטען, קאַפּיטאַליסטען, טאַקספּיאַווקעס, קאָנטראַקטאָרס, בעלי בתים, אַדוואָקאַטען, עקאָנאָמיסטען, פּאָליטיקער פון אַלע שאַטירונגען — אַלע דיזע וועלען אויך זאָגען צוזאַמען מיט וואָלטער: „אויב עס וואָלט קיין גאָט ניט געווען, וואָלט געוועזן נויטיג איהם צו ערפינדען.“ ווייל, פערשטעהט איהר מיך „דאָס פאָלק מוז האָבען אַ רעליגיאָן, דאָס איז די פערהיטערין פון אַלע צרות.“

דאַן קומט אַ קלאַס מענשען, וועלכע זיינען גאַנץ עהרליך, אָבער אַ ביסעלע שרעקעדיג; זיי זיינען צו אינטעליגענט צו גלויבען אין די אַלע נאַרישקייטען פון אַ רעליגיאָן, זיי פערוואַרפען זיי דאַרום, אָבער זיי האָבען ניט דעם מוטה, די נויטווענדיגע ענטשלאָסענהייט צו ענטזאַגען זיך פון רעליגיאָן אין גאַנצען, זיי וועלען אייך לאָזען קריטיקירען די ספּעציעלע נאַרישקייטען פון רעליגיאָן; זיי וועלן פערדרעהען זייערע נעזער ביי די מעשיות פון אַלע רעליגיעזע מופתים, אָבער זיי האַלטען זיך, ווי פערצווייפעלט, צו די הויפט דומהייט — צו דעם קוואַל פון די אַלע אַנדערע דומהייטען, צו דעם וואונדער וואָס רעכטפערטיגט אַלע אַנדערע וואונדער — די עקזיסטענץ פון גאָט. זייער גאָט איז ניט דער קרעפטיגער, אַלמעכטיגער וועזען, דער גאַנץ פּאָזיטיווער גאָט פון די רעליגיאָנען. דאָס איז עפּעס אַ וואָלקענדיגער, לופטיגער וועזען, וואָס פערשווינדעט אין גאָרניט, אַזוי שנעל ווי איהר ווילט עס נור אָנפּאַסען. דאָס איז אַ ליכט, וואָס ניט עס ווארעמט אייך און ניט עס מאַכט ליכטיג. און דאָך האַלטען זיי זיך פעסט ביי דעם און זיי גלויבען, דאָס ווען אָט דיזער וועזען זאָל פערשווינדען, געהט אַלעס אונטער מיט איהם צוזאַמען. זיי זיינען שרעקעדיגע,

קראַנקע זעלען, וואָס האָבען פערלאָרען זייער רעכענונג אין אונזער צוויליזאַציאָן, ניט געהערענדיג ניט צו די געגענוואַרט ניט צו די צוקונפט. זיי זיינען בלייבע שאָטענס, וואָס הענגען אימער און אייביג צווישען הימעל און ערד, און פערנעהמען אויך פונקט אַזאַ שטעלע צווישען די פּאָליטיק פון די בורזשואַזיע און דעם סאָציאַליזמוס פון פּראָלעטאַריאַט. זיי האָבען ניט די קראַפט, ניט דעם וואונש און אויך ניט די ענטשלאָסענהייט צו ציהען די אמת'ע שליסע פון זייערע אייגענע געדאַנקען, און זיי פערלירען זייער צייט און קראַפט אין דעם אייביגען שטרעבען צו מאַכען שלום צווישען דאָס, וואָס מוז זיין אין אייביגען קריג. אין עפענטליכען לעבען זיינען דיזע לייט בעקאַנט אַלס די בורזשואַזיע-סאָציאַליסטען. מיט דיזע צו אַרגומענטירען איז נוצלאָז, זיי זיינען צו קליין און צו קאָמיש.

אָבער עס זיינען אויך דאָ אייניגע גרויסע מענער, פון וועלכע קיינער וועט ניט האָבען די חוצפה צו ריידען אָהן אַכטונג, וועמעס געזונטע געדאַנקען-קראַפט און גוטע מיינונג וועט קיינער אויף אַ מינוט ניט בעצווייפלען. איך דאַרף נור אָנרופען די נעמען פון מאַדזיני, מישלע, קווינעט, דזאָן סטוּאַרט מיל, גרויסהערציגע און שטאַרקע זעלען, גרויסע הערצער, גרויכע מוחות, גרויסע שרייבער, און דער ערשטער פון די וואָס מיר האָבען דאָ אָנגערופען, איז אַ העלדישער און רעוואָלוציאָנערער איבערבויער פון אַ גרויסע נאַציאָן. זיי אַלע זיינען די אַפּאָסטעלס פון אידעאַליזמוס און ביטערע געגנער פון מאַטעריאַליזמוס און פאָלגליך אויך פון סאָציאַליזמוס — אין פילאָזאָפיע ווי אין פּאָליטיק. געגען זיי אַלזאָ מוזען מיר אַרויסקומען מיט אונזערע אַרגומענטען.

ערשטענס, מוז עס געזאָגט ווערען, דאָס ניט איינער פון דיזע גרויסע מענער, וואָס איך האָב אָנגערופען מיט'ן נאָמען, אויך ניט אירגענד וועלכער אַנדערער אידעאַליסטישער

דיינקער פֿון בעדייטונג אין אונזער צייט, האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט די לאָגישע זייט פֿון דיזער פֿראַגע. קיינער פֿון זיי האָט ניט פֿערזוכט צו בעטראַכטען פֿילאָזאָפֿיש די מעגליכקייט פֿון דעם געטליכען שפּרונג פֿון די ריינע און אייביגע געגענדען אין די בלאָטע פֿון די מאַטעריעלע וועלט. האָבען זיי מורא געהאַט צוצוגעהן נאָהענט צו דיזען ווידערשפּרוך, אָדער האָבען זיי עס בעטראַכט, אַז דיזער ווידערשפּרוך איז שוין גענוג פֿערענטפֿערט? דאָס איז זייער געהיימניס. דער פֿאַקט איז, אַז זיי האָבען ניט בעשעפֿטיגט זיך מיט דעם טהעאָרעטישען בעוויז פֿון די עקזיסטענץ פֿון אַ גאָט, זיי האָבען נור ענטוויקעלט די פּראַקטישע מאָטיווען און פֿאָלגען פֿון די גאָטעס-עקזיסטענץ. זיי האָבען עס בעהאַנדעלט אַלס עטוואָס, וואָס איז אַקצעפּטירט פֿון די גאַנ־צע וועלט, אַלס עטוואָס, אין וואָס עס קען קיין שום ספק ניט זיין. און זייער גאַנצער בעוויז איז דער, דאָס די רע־ליגיאָן איז שוין אַזוי אַלט, און דאָס די גאַנצע וועלט גלויבט אין אַ גאָט.

דיזער אַלמעכטיגער איינשטימיגער גלויבען אין די אויגען פֿון דיזע גרויסע מענער איז פֿון אַ גרעסערע וויכטיגקייט, ווי אַלע בעווייזע פֿון דער וויסענשאַפֿט. און אויב דער דיינקען פֿון אַ קליין צאָהל פֿון מענשען — און מעגען זיי זיין די מעכטיגסטע דיינקער — איז געגען גלויבען, דאָס ערגער פֿאַר זיי, זאָגען זיי,— ווייל די אַלוועלטליכע איינשטימיגקייט איז דער בעסטער בעוויז פֿון די וואַרהייט פֿון רעליגיאָן. דער געפֿיהל פֿון דער גאַנצער וועלט קען ניט זיין אין אירטהום. און ווייל אַלע גלויבען פֿון די עלטסטע צייטען אין די עקזיסטענץ פֿון אַ גאָט, דאַרום איז עס קלאָהר, אַז די וואָס האָבען דעם אונגליק צו צווייפֿלען אין דעם, ווי שטאַרק עס זאָל ניט זיין זייער לאָגיק, וואָס האָט זיי געבראַכט צו דיזען צווייפֿעל, זיינען זיי אויסנאַהמען, קראַנקע, מאָנסטערס א. ז. וו. אָט אַזוי בעהויפּטען זיי, אַז די אַלטקייט פֿון

גלויבען, חאָטש עס איז געגען דעם פערשטאַנד און וויסענשאַפט, איז גענוג בעוויז פאַר זיין אונבעשטרייטבאַרע וואַהרהייט!

אָבער וואַרום? ביז קאָפּערניקוס און גאַלילע האָט יעדערער געגלויבט, אַז די זון דרעהט זיך אַרום די ערד. איז דען ניט יעדערער געווען אין טעות? וואָס איז נאָך אַזוי אַלט ווי די מענשליכע שקלאַפעריי? פיליכט מענשען־פרעסעריי. פון דעם אָנפאַנג פון די געשיכטליכע געזעלשאַפט ביז דעם היינטיגען טאָג, האָט אימער און איבעראַל געהערשט די עקספלאָאַטאַציע פון די געצוואונגענע ארבייט פון די מאַסען — שקלאַפען, פאַנשציזניקעס און אַרבייטער — מוזען מיר דען דאַרום דיינקען, אַז דיזע רויבעריי, דיזע אונטערדריקונג זיינען זאַכען, אָהן וועלכע אַ מענשליכע געזעלשאַפט קען גאָר ניט עקזיסטירען?



## פערגאַנגענהייט און צוקונפט.

די אויבענדערמאָנטע ביישפּילע ווייזען אונז, אַז דער אַלט־קייט אַרגומענט פון די פערטהיידיגער פון'ם גוטען גאָט בעווייזט גאָרניט. און אין דער ווירקליכקייט איז דאָך קיין זאַך ניט אַזוי אַלגעמיין, ניט אַזוי אַלט, ווי דאָס גרויזאַמע און דאָס אונזיניגע. אמת און גערעכטיגקייט זיינען דאָך אַזוי זעלטען, זיי זיינען דאָך די איגנסטע פרוכט פון די ענטוויקלונג פון די מענשליכע געזעלשאַפט. און דאָס ערקלעהרט אויך זעהר גוט, וואָרום די ווייניגע, וואָס האָבען געהאַט צו פראָקלאַמירען אַ נייע וואַרהייט זיינען אימער פערפאָלגט געוואָרען פון די בעאַמטע, די פריוויליגירטע און פעראינטערעסירטע פאָרשטעהער פון די „אַלגעמיינע" און

די „אַלטע“ גלויבענס, ווי אויך פון די גרויסע מאַסע, וועלכע, נאָכדעם ווי זי האָט געטראָטען מיט די פיס די פאָרשטעהער פון די נייע אידעען, האָט אימער גענדיגט דערמיט, דאָס זי האָט זיי אַליין אָנגענומען און געהאָלפען צו זייער זיג.

פאַר אונז מאַטעריאַליסטען און רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען איז גאָר ניטאָ עטוואָס וואונדערבאַרעס, איבעראַשענדעס אָדער שרעקליכעס אין דיזע געשיכטליכע ערשיינונגען. שטאַרק אין אונזער געוויסען, שטאַרק אין אונזער ליבע פאַר דעם אמת, טראָץ אַלע פערפאָלגונגען, שטאַרק אין אונזער ליבע פאַר דאָס לאָגישע דיינקען, וואָס דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסע מאַכט, און וואָס דאָס איז דאָס איינציגע דיינקען, וואָס פערדיגט דעם נאָמען; שטאַרק אין אונזער ליידענשאַפט פאַר גערעכטיגקייט און אין אונזער אונערשיטערליכען פערטרויען אין דעם זיג פון די מענשהייט, איבער יעדע טהעאָרעטישע און פראַקטישע בעסטיאַליטעט; שטאַרק, ענדליך, אין דעם געגענזייטיגען פערטרויען און הילפע, וועלכע עס גיבען איינע די אַנדערע די ווייניגע, וואָס זיינען מיט אונז פון די זעלבע איבערצייגונגען — קענען מיר גאַנץ געלאַסען אַריבערטראָגען די פאָלגען פון די געשיכטליכע ערשיינונגען, מיר זעהען אין איהר דעם אויסדרוק פון אַ געזעלשאַפטליכען געזעץ, וועלכער איז אַזוי נאַטירליך, אַזוי נויטווענדיג און אַזוי אונפערמיידליך, ווי אַלע אַנדערע געזעצע וואָס רעגירען די וועלט. דיזער געזעץ איז אַ לאָגישע אונפערמיידליכע פאָלגע, פון די טהירישע אָבשטאַמונג פון דעם מענשען. און אין אַנגעזיכט פון די אַלע בעווייזע, וואָס האָבען זיך אָנגעקליבען ביז איצט, קען מען שוין אין דעם מעהר ניט צווייפלען. אָט פון דעם מאָמענט אָן, ווען מע פערשטעהט, וואָס איז די ריכטיגע אָבשטאַמונג פון מענשען, איז אַלעס בעגרייפליך און פערשטענדליך אין די געשיכטע דער מענשייט. זי קומט אונז דאַן פאָר אַלס אַ רעוואָלוציאָנערע

ענטוויקלונג פֿון נידעריגעם צו העכערעם, אַט לאַנגזאַם שלעפֿעריג, און אַט ליידענשאַפֿטליך און מעכטיג, די געשיכטע דער מענשהייט איז אַ פּראָגרעסיווע פֿערנײַנונג פֿון די בעסטיאַליטעט אין דעם מענשען, דורך די ענטוויקלונג פֿון זיין מענשליכקייט. דער מענש, א ווילדע בעסטיע, אַ שוועסטערקינד פֿון דעם גאָרילאַ, האָט זיך אַרויסגעריסען פֿון דער טיפֿער פֿינסטערניס פֿון דעם טהירישען אינסטינקט צו די גרויסע ליכטיגקייט פֿון דעם געדאַנק, וואָס דאָס ערקלעהרט אויף אַ גאַנץ נאַטירליכען אופֿן אַלע זיינע פֿריהעריגע פֿעהלערען און טרויסט אונז איניגער מאַסען פֿאַר זיינע איצטיגע. דער מענש, אַרויסגענומען פֿון זיין טהירישע שקלאַפֿעריי, און, דורכמאַכענדיג די געטליכע שקלאַפֿעריי — די פֿערמיטלונגס שטופֿע צווישען זיין צושטאַנד אַלס חיה און מענש — מאַרשירט איצט צו די עראָבערונג און צו די פֿערווירקליכונג פֿון די מענשענפֿרייהייט. און דערפֿון קומט אַרויס, דאָס די אַלטקייט פֿון א גלויבען, פֿון אַן אידעע, ניט נור וואָס עס דאַרף ניט זיין קיין אַרגומענט פֿאַר זייער ריכטיגקייט, נור פֿערקעהרט, דאָס דאַרף אונז מאַכען זיך צומראַגען צו זיי מיט אַ גוטען טהייל פֿון פֿערדאַכט, אויב זיי זיינען ניט שלעכט און פֿאַלש שוין נור דאַרום, ווייל זיי זיינען אַלט. הינטער אונז איז אונזער טהירישער צושטאַנד און פֿאַר אונז איז אונזער מענשליכקייט. דאָס מענשליכע ליכט — די איינציגע זאַך, וואָס קען אונז ווירקליך געבען וואַרעמקייט און לעבען, די איינציגע זאַך, וואָס קען אינז בעפֿרייען, געבען אונז מענשענווירדע, פֿרייהייט און גליק און קען פֿערווירקליכען ברידערליכקייט צווישען מענשען — איז קיין מאָל ניט אין דעם אָנפֿאַנג, נור אין פֿערהעלטניס צו דער צייט, אין וועלכע מיר לעבען, איז זי אימער ביין סוף פֿון די געשיכטע. לאָמיר דאַרום קיין מאָל ניט בליקען אויף הינטער, נור אימער פֿאָרווערטס! ווייל דאָרט איז דער זונענשיין, ווייל דאָרט איז אונזער רעטונג. מע דאַרף, און

עס איז זאָגאָר ניצליך און נויטווענדיג צו שטודירען אונזער פערגאַנגענהייט, אָבער נור צו דעם צוועק דאָס מיר זאָלען פון דעם לערנען, וואָס מיר טאָרען ניט מעהר זיין, ניט צו גלויבען און ניט צו דיינקען מעהר, אַזוי ווי מיר האָבען געדיינקט און געגלויבט; צו שטודירען, וואָס מיר האָבען געטהאָן און דאָס וואָס מיר — אַלס מענשען — טאָרען מעהר שוין קיין מאָל ניט מהאָן!

אַזויפיל וואָס אָנבעלאַנגט די אַלטקייט פון גלויבען, וואָס אָבער אָנבעלאַנגט דעם אַרגומענט, דאָס „די גאַנצע וועלט גלויבט", בעווייזט עס נור איין זאַך — די עהנליכקייט, אויב ניט די פאָלקאָמענע אַלין־איינינקייט, פון די מענשליכע נאַטור צו אַלע ציימען און אין אַלע לענדער. און אַזוי ווי עס איז פעסטגעשטעלט, דאָס אַלע פעלקער, צו אַלע פעריאָדען פון זייער לעבען האָבען געגלויבט און גלויבען נאָך איצט אין אַ גאָט, מוזען מיר דערפון איינפאַך דרינגען, דאָס די געטליכע אידעע — עטוואָס וואָס איז אַרויסגעקומען פון אונז גופא — איז אַ טעות, וואָס איז היסטאָריש נויטווענדיג געווען אין די ענטוויקלונג פון דער מענשהייט, און מיר מוזען זיך פרעגען, ווי אַזוי און וואַרום איז דיזע אידעע בעשאַפען געוואָרען אין דער געשיכטע און וואַרום די גרויסע מאַיאָריטעט פון דער מענשהייט, נעהמט עס נאָך ביז היינטיגען טאָג אָן אַלס אַ וואַהרהייט.

ביז מיר וועלען פאַר זיך אַליין ניט קלאָהר מאַכען, ווי אַזוי די אידעע פון אַן איבערנאַטירליכע וועלט האָט זיך ענטוויקעלט אין דעם געשיכטליכען פראָגרעס פון דעם מענשליכען געוויסען, וועט יעדער וויסענשאַפטליכער בעווייז פון איהר נאַרישקייט זיין אומזיסט. ביז דאַן וועלען מיר קיין מאָל קיין ערפאָלג ניט קענען האָבען אין די פערניכ־טונג פון דיזען פאָלקס־גלויבען, ווייל מיר וועלען עס קיין מאָל ניט קענען אַטאַקירען אין די טאַמע טיפענים פון די מענשליכע בעשעפּינעש, אין וועמענס געדאַנק ער איז געבאָרען גע־

באַרען געוואָרען. ביז דער וואָרצעל פֿון די אַלע נאַרישקייטען, וואָס פענטענען די וועלט, וועט ניט זיין פֿערניכטעט, וועט דער גלויבען אין גאָט בלייבען אונבעשעדיגט, און וועט ברייגגען מיט זיך אימער נייע פֿאָראורטהיילע. אַזוי צום ביישפּיל, אין די איצטיגע צייט, אין געוויסע קרייזען פֿון די העכסטע געזעלשאַפֿט, שטרעבט דער גלויבען אין ספּיריטואַליזמוס זיך צו בעפֿעסטיגען אויף די רואינען פֿון קריסטענטהום.

עס איז ניט נור אין די אינטערעסע פֿון דאָס פֿאָלק, עס איז פֿאַר דער געזונד פֿון אונזערע אייגענע מוחות, דאָס מיר זאָלען שטרעבען צו פֿערשטעהן דעם היסטאָרישען אָנפֿאַנג, די קייט פֿון אורזאַכען, וועלכע האָבען ענטוויקעלט און בעשאַפֿען די אידעע פֿון גאָט אין דעם געוויסען פֿון מענשען. אומזיסט וועלען מיר זיך רופֿען און האַלטען פֿאַר אַטהעאיסטען, ביז מיר וועלען גרינדליך פֿערשטעהן דיזע אורזאַכען, וויל ביז דאַן, וועלען מיר זיך אימער לאָזען רעגירען פֿון די פרעטענזיעס פֿון דעם אַלוועלטליכען גלויבען, וועמעס געהיימנים מיר האָבען ניט ענטדעקט, און, נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט די נאַטירליכע שוואַכקייט פֿון זאָגאַר די שטאַרקסטע פערזענליכקייט געגען דעם אַלמעכטיגען איינפֿלוס פֿון די געזעלשאַפֿטליכע צושטענדע, וואָס רינגלען איהם אַרום, זיינען מיר אימער אין געפֿאַהר, פֿריהער אָדער שפּעטער, צוריקצוזינקען אין דעם אָבגרונד פֿון דעם רעליגיעזען אונזין. ביישפּילע פֿון אַזעלכע „בעקעהרונגען" זיינען דאָ ניט וויניג אין אונזער צייט.

איך האָב דאָ פֿעסטגעשטעלט די הויפּט אורזאַכע פֿון די מאַכט פֿון רעליגיאָן איבער די מאַסען. דיזע נייגונג צו רעליגיאָן אין היינטיגע צייטען צייגט ניט אַזויפֿיל אויף די פֿעראירונג פֿון דעם מענשליכען געדאַנק, ווי אויף די טיפֿע אונצופֿרידענהייט, וואָס איז דאָ אין די מענשליכע האַרץ. דאָס איז דער אינסטינקטיווער און ליידענשאַפֿטליכער

פֿראָטעסט פֿון דעם מענשען געגען די שמאָלקייט, די איינטעניגקייט, די צרות און די פֿאַלשקייטען פֿון אַן עלענדען לעבען. פֿאַר דיזע קראַנקייט, ווי איך האָב שוין געזאָגט איז דאָ איין רפואה — און דאָס איז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן.

אין אַנדערע שריפֿטען האָב איך געשטרעבט אָנצוצייגען אויף די אורזאַכען, וואָס זיינען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די געבורט און ענטוויקלונג פֿון רעליגיעזע פֿאָרשטעלונגען אין דעם מענשליכען געוויסען. דאָ איז מיין צוועק צו בעהאַנדלען די פֿראַגע פֿון דער עקזיסטענץ פֿון אַ גאָט, נור פֿון דעם שטאַנדפונקט פֿון זיין מאָראַלישע און געזעלשאַפֿטליכע ניצליכקייט, און איך וועל מיר נור גאַנץ קורץ פֿאַסען, אום בעסער צו קענען ערקלעהרען מיין געדאַנק איבער די טהעאָרעטישע גרינדע פֿון דעם גלויבען אין גאָט.

## גאָט און די מענשליכע פֿרייהייט.

אלע רעליגיאָנען מיט זייערע געטער, האַלבגעטער, נביאים, משיחים, הייליגע, א. ז. וו. זיינען בעשאַפֿען געוואָרען פֿון די גלויביגע פֿאַנטאַזיע פֿון מענשען, וועלכע האָבען נאָך ניט דערגרייכט די פֿולע ענטוויקלונג און דעם פֿולען בעזיץ פֿון זייערע פֿעהיגקייטען. דעריבער איז דער רעליגיעזער הימעל ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נור אַ שפּיגעל, אין וועלכען דער מענש, אויפֿגעפֿלאַמט פֿון אונוויסענהייט און גלויבען, ענטדעקט זיין אייגענע געשטאַלט, נור פֿערגרעסערט און פֿערדרעהט, ד. ה. פֿערגעטערט.

די געשיכטע פֿון די רעליגיאָנען, פֿון דעם געבורט, גרויסקייט און טויט פֿון די געטער, וועלכע האָבען נאָכגעפֿאָלגט איינע די אַנדערע אין דעם מענשליכען גלויבען, איז ניט

קיין אַנדער זאַך, ווי נור די ענטוויקלונג פֿון די מאַטעך־אינטעליגענץ און פֿון דעם געוויסען פֿון דער גאַנצער מענש־הייט. אַזוי גיך ווי זיי האָבען אויסגעפֿונען אין דעם משך פֿון זייער היסטאָרישען פּראָגרעסיווען מאַרש, צו אין זיך גופא אָדער אין דער אויסערליכער נאַטור, אַ קראַפֿט, אַ מעלה, אָדער זאָגאַר אַ גרויסען חסרון, האָבען זיי דאָס אַלעס צו־געשריבען צו זייערע געטער, נאָכדעם ווי זיי האָבען עס אונגעהייער פֿערגרעסערט, אויף דעם שטייגער פֿון קליינע קינדער, דורך דאָס אַיבּיטען פֿון זייער רעליגיעזע פֿאַנטאַזיע

אָט צו פֿערדאַנקען דיזען פֿרומען און נים קיין קשיות־פֿרע־גענדען גלויבען, איז דאָס דער הימעל רייך געוואָרען מיט אַלעס גוטס פֿון דער ערד, און מאַקי צוליב דעם, וואָס דער הימעל איז רייכער געוואָרען, דאָס אונגליקליכער און אָרעמער זיינען געוואָרען די מענשהייט און די ערד.

גאָט איינמאָל אַוועקגעזעצט אויף'ן טראָהן אין הימעל, איז גאַנץ נאַטירליך ערקלעהרט געוואָרען פֿאַר די אורזאַכע, פֿאַר דעם אַבסאָלוטען בעשעפֿער און בעהערשער פֿון אַלעס. פֿון יעמאָלט אָן איז די וועלט געוואָרען גאָרנים און גאָט — אַלעס. און דער מענש, דער, וואָס איז מאַקן דער אמת'ער בעשעפֿער פֿון גאָט, נאָכדעם, ווי ער האָט איהם בעשאַפֿען פֿון גאָרנים, האָט זיך פֿאַר איהם געקניעט, האָט פֿאַר איהם געשפּרונגען אין גרויסער ענטציקונג און האָט זיך ערקלעהרט פֿאַר זיין בעשעפֿעניש און זיין שקלאַף.

קריסטענטהום איז די רעליגיאָן פֿון אַלע רעליגיאָנען צוליב דעם, ווייל מעהר פֿון אַלע אַנדערע, שטעלט זי פֿאָר אויף'ן קלעהרסטען אופן די נאַטור און דעם עיקר פֿון יעדע רע־ליגיאָנס סיסטעמע, וועלכע מיינט די פֿעראָרעמונג, די פֿער־שקלאַפֿונג און פֿערניכטונג פֿון דער מענשהייט, צו גונסטען פֿון דער געטליכקייט,

ווען גאָט איז אַלעס, זיינען די ווירקליכע וועלט און דער

מענש גאָרניט. ווען גאָט איז אמת, גערעכטיגקייט, גוטסקייט, שעהנהייט, מאַכט און לעבען, איז דער מענש זיין געגענזאַץ— פאַלשקייט, אונגערעכטיגקייט, בייזקייט, מיאוסקייט, מאַכט־לאָזיגקייט און טויט. ווען גאָט איז דער הער, איז דער מענש דער שקלאַף. דער מענש, אונפעהיג דורך זיינע אייגענע כוחות צו וויסען, וואָס איז גוט און גערעכט, קען ער עס אויסגעפינען דורך אַ געטליכע ענטפּלעקונג. אָבער ווער עס זאָגט „ענטפּלעקונג" מוז אויך זאָגען ענטפּלעקער — ד. ה. נביאים, משיחים, פּריסטער, דיינים, בעגייסטערט פון גאָט אַליין, און דיזע, איינמאָל אַנערקענט פון גאָט אַליין און אויסערוועהלט פון איהם אַלס די הייליגע לעהרער פון דער מענשהייט, מוזען זיי, נאַטירליכע ווייזע, אויסאיבען אַן אַבסאָלוטע מאַכט און אַלע מענשען מוזען זיי אונבעדינגט פאָלגען. ווייל געגען דעם געטליכען פערשטאַנד איז דער מענשליכער פערשטאַנד גאָרניט, און געגען די געטליכע גערעכטיגקייט איז ניטאָ אַזאַ זאַך, ווי מענשליכע אָדער אירדישע גערעכטיגקייט.

זייענדיג שקלאַפען פון גאָט, מוזען אויך די מענשען זיין שקלאַפען פון קירכע און שטאַט, אַזוי ווייט ווי דער שטאַט איז געהייליגט פון דער קירכע. אָט דאָס האָט דער קריסט־ענטהום פערשטאַנען בעסער ווי אַלע אַנדערע רעליגיאָנען. און דאָס איז די אורזאַכע וואָרום קריסטענטהום איז די אַבסאָלוטע רעליגיאָן.

אַלזאָ, מיט דעם פולען געהעריגען רעספּעקט צו אַלע מעטאַפיזיקער, רעליגיעזע אידעאַליסטען, פילאָזאָפען, פּאָליטיקער און פּאָעטען, ערקלעהרען מיר: די אידעע פון גאָט מיינט די אָבלייקענונג פון דעם מענשליכען פערשטאַנד און גערעכטיגקייטס געפיהל; זאָגט מען גאָט, מיינט דאָס די פאָלקאָמענע אָבלייקענונג פון מענשליכע פרייהייט, און דאָס מוז זיך ענדיגען אין די פערשקלאַפונג פון די מענש־הייט אי טהעאָרעטיש אי פּאַקטיש.

און דאַרום, אויב מיר ווינשען ניט די פֿערשקלאַפֿונג און די ערנידערונג פֿון די מענשהייט, ווי די יעזויטען ווילען עס, טאָרען מיר ניט מאַכען דעם קלענסטען קאָמפּראָמיס ניט מיט דעם גאָט פֿון דער טהעאָלאָגיע, און ניט מיט דעם גאָט פֿון מעטאַפֿיזיק. דער וואָס פֿאַנגט אָן מיט גאָט, מוז אויך ענדיגען מיט גאָט. דער וואָס גלויבט אין גאָט, טאָר קיינע קינדערשע אילוזיאָנען ניט האָבען וועגען די זינדיגע מאַטעריע, נור מוטהיג און לאָגיש זיך ענטזאַגען פֿון זיין פֿרייהייט און מענשליכקייט. אויב גאָט איז דאָ איז דער מענש אַ שקלאַף. נון אָבער, דער מענש קען און דאַרף זיין פֿריי, דאַרום עקזיסטירט גאָט ניט. איך פֿאָדער אויף יעדען איינעם צו ווייזען אַן אַנדער אויסוועג, פֿון דיזען צירקעל, זאָלען דאַרום אַלע האָבען די ברירה.

איז עס נאָך נויטווענדיג אויסצודייטען, צו וועלכען גראַד און אויף וועלכען אופֿן די רעליגיאָנען ערנידעריגען און פֿער־דאַרבען די מענשען? זיי פֿערניכטען זייער פֿערשטאַנד — דעם הויפּט ווערקצייג פֿון מענשליכע בעפֿרייאונג — און זיי ברייגגען זיי אַרונטער צו דעם צושטאַנד פֿון אידיאָטען, צו די נויטווענדיגע בעדינגונג פֿון שקלאַפֿעריי. זיי שענדען די מענשליכע אַרבייט, און מאַכען איהר פֿאַר אַ צייכען און פֿאַר אַ קוועלע פֿון שאַנדע. זיי טויטען די אידעע און דעם געפֿיהל פֿון מענשליכע גערעכטיגקייט; זיי זיינען אימער אויף דער זייט פֿון טריאומפֿירענדע לומפּען, די פּריווילעגירטע פֿון די געטליכע מילדקייט. זיי טויטען דעם מענשליכען שטאָלץ און זעלבסטווירדע, בעשיצענדיג נור די קריכענדע און די נידעריגע. זיי דערשטיקען אין די האַרץ פֿון נאַציאָנען יעדען געפֿיהל פֿון מענשליכע ברידערליכקייט אָנפֿילענ־דיג אָנשטאָט דעם מיט גרויזאַמקייט.

אַלע רעליגיאָנען זיינען גרויזאַם, זיינען געגרינדעט אויף בלוט, ווייל אַלע זיינען געגרינדעט הויפּטזעכליך אויף די אידעע פֿון אָפּפֿערען זיך — ד. ה. אויף די אייביגע פֿערניכטונג פֿון

די מענשהייט, צו גונסטען פֿון די אונערזועטליכע ראַכע פֿון די געטליכקייט. אין דיזען בלוטיגען געהיימנים, איז דער מענש אימער דער קרבן און דער פריסטער — אויך אַ מענש, נור פריוויליגירט פֿון גאָט — זיין הענקער. דאָס ערקלעהרט שוין, וואָרום די פריסטער פֿון אַלע רעליגיאָנען, די בעסטע, די מענשליכסטע, די צערטליכסטע, האָבען כמעט אַלע אויף דעם גרונד פֿון זייערע הערצער — און אויב ניט אין זייערע הערצער, איז עס אין זייערע פֿאַנטאַזיען — עטוואָס בלוטדורשטיגעס, עטוואָס גרויזאַמעס.

קיינער ווייס עס ניט אַזוי גוט, ווי אונזערע בעריהמטע אידעאַליסטען. זיי זיינען געלעהרענטע מענער, וועלכע קענען די געשיכטע דער מענשהייט גרינדליך. און אַזוי ווי זיי זיינען לעבעדיגע מענשען, וועמעס גרויסע זעלען זיינען דורכדרונגען מיט אַן אמת'ע ליבע פֿאַר דער מענשהייט, האָבען זיי געפֿלוכט און געבראַנדמאַרקט אַלע לומפערייען, אַלע פֿערברעכען פֿון די רעליגיאָנען מיט אַן אונפֿערגלייכליכער בערעדזאַמקייט. זיי לייקענען אָב מיט צאָרן, אַז גאָט האָט עפּעס געמיינשאַפֿטליכעס מיט דיזע אַלע פּאָזיטיווע רעליגיאָנען אָדער מיט זייערע פֿאָרשטעהער פֿון די פֿערגאַנגענהייט און געגענוואַרט אויף דיזער ערד.

דער גאָט, וועלכען זיי פֿערעהרען, אָדער זיי דיינקען, אַז זי פֿערעהרען — איז פֿערשידען פֿון די ווירקליכע געטער פֿון דער געשיכטע מיט דעם, דאָס ער איז גאָרניט קיין פּאָזיטיווער גאָט, וועלכער זאָל קענען ווי עס איז ערקלעהרט ווערען. ער איז ניט דער „העכסטער וועזען" פֿון ראָבעספּיער און שזאַן זשאַק רוסאָ, ער איז אויך ניט דער פּאַנטהעאיסטישער גאָט פֿון ספּינאָזאַ, ער איז זאָגאַר ניט דער אין דער זעלבער צייט אונשולדיגער, איבערוועלטליכער גאָט פֿון העקעל. זיי זיינען זעהר פֿאָרזיכטיג, ניט צו געבען וועגען איהם קיין בעשטימטע ערקלעהרונג, וויסענדיג גאַנץ גוט, דאָס אירגענד וועלכע ערקלעהרונג וועט איהם ברייגען אונטער די

צערגלידערענדע קראַפֿט פֿון קריטיק. זיי זאָגען ניט, אויב זייער גאָט איז אַ פּערזענליכער אָדער ניט פּערזענליכער, צו ער האָט בעשאַפֿען די וועלט אָדער ניט; זיי ריידען אַפילו ניט איבער זיין געטליכע השגחה. זיי שטעלען זיך נור צו־פֿרידען דערמיט, וואָס זיי זאָגען „גאָט“ און ניט מעהר. אָבער וואָס איז דאָך זייער גאָט? אפילו ניט אַן אידעע; עס איז פּאַר זיי בלויז אַ בעגייסטערונג.

גאָט איז ביי זיי דער נאָמען פֿון אַלעס, וואָס איז גרויס, שעהן, גוט, נאָבעל און מענשליך. אָבער וואַרום ניט זאָגען מענש? ווייל אַ קעניג, ווילהעלם פֿון דייטשלאַנד, אַ נאַפּאָלעאָן און זייער גלייכען רופֿען זיך אויך מיט דעם נאָמען „מענש“. דאָס מאַכט זיי זעהר פֿיל זאָרג. די ווירקליכע מענשהייט שטעלט מיט זיך פּאָר אַ געמישעכץ פֿון אַלעס, וואָס איז דאָס העכסטע און שעהנסטע מיט דאָס, וואָס איז דאָס נידעריגסטע און דאָס שענדליכסטע. ווי ערקלעהרען זיי עס דיזען ווידער־שפרוך? אָט ווי: איינס רופֿען זיי אָן „געטליך“ און דאָס צווייטע בעסטיאַליש, און צווישען דיזע ביידע עקסטרימען שטעלען זיי אַוועק די מענשהייט. זיי ווילען ניט אָדער זיי קענען ניט פֿערשטעהן, אַז דיזע דריי נעמען, געטליכקייט, בעסטיאַליטעט און מענשליכקייט, זיינען אייגענטליך נור איין זאַך און דאָס צו שיידען זיי מיינט זיי צו פֿערניכטען.

## אויטאָריטעט און פֿרייהייט

די אידעאַליסטען זיינען ניט שטאַרק מיט זייער לאָגיק. מען קען זאָגאַר זאָגען אויף זיי, דאָס זיי פֿעראַכטען איהר. זייער פּראָפּאַגאַנדאַ זעהט אויס צו זיין פֿול לעבען און קראַפֿט, אָבער עס זעהט טאַקע נור בלויז אויס אַזוי.

דער לעבען אַליין ווערט גאַנץ פּרובּלאָז, ווען ער איז פּאַראַליזיט פון אַ לאָגישען ווידערשפּרוך.

דיזער ווידערשפּרוך בּשטעהט אָט אין וואָס: זיי ווילען האָבען אי גאָט, אי מענשליכקייט. זיי האָבען זיך איינגעשפּאַרט צוזאַמענצושטעפּענען צוויי בּעגריפע, וועלכע, ווען זיי זאָלען זיך צוזאַמענקומען, קענען נור פערניכטען איינע די אַנדערע. זיי זאָגען מיט איין אַטהעם־צוג: גאָט איז די פרייהייט פון מענשען; גאָט איז די גערעכטיגקייט, גלייכהייט און בּרידערליכקייט פון דעם מענשען — אונגעאַכטעט אויף די פּאַטאַלע לאָגיק, דורך וועלכע עס מוז אויסקומען, דאָס אויב גאָט עקזיסטירט, זיינען אַלע דיזע זאַכען פערדאַמט צו אַ ניט עקזיסטענץ. ווייל אויב עס איז דאָ אַ גאָט, איז ער דאָך נויטווענדיגער ווייזע דער העכסטער, דער איביגער, דער אַבּסאָלוטער מאַסטער, און אויב אַזאַ מאַסטער עקזיסטירט, איז דער מענש אַ שקלאַף. און וויבּאַלד ער איז אַ שקלאַף, קען שוין ניט מעגליך זיין פאַר איהם צו האָבען גלייכהייט, פרייהייט, גערעכטיגקייט און גליק. אומזיסט, שפּרינגענדיג געגען די לאָגיק און געגען די פאַקטען פון דעם גאַנצען געשיכטליכען לעבען דער מענשהייט, בּעהויפּטען זיי, דאָס זייער גאָט שטעלט מיט זיך פאָר, אַלעס גוטעס און שעהנעס! אַ מאַסטער, ווי ליבּעראַל, ווי גרויסהערציג, ער זאָל ניט וועלען זיך צייגען, בּלייבּט דאָך אַלץ אַ מאַסטער. זיין עקזיסטענץ מיינט נויטווענדיגער ווייזע די שקלאַפעריי פון אַלע, וואָס זיינען אונטער איהם. דאַרום, אויב גאָט וואָלט עקזיסטירט, וואָלט נור געקאָנט זיין איין וועג, אויף וועלכען ער וואָלט געקאָנט אַ טובה טהאָן די מענשליכע פרייהייט — דאָס איז דורך בּעגעהן זעלבּסטמאָרד.

אַ ליידענשאַפטליכער ליבּהאָבער פון מענשליכע פרייהייט, און בּעטראַכטענדיג עס אַלס די אַבּסאָלוטע בּעדינגונג פון אַלעס, וואָס איז שעהן און בּעוואונדערונגסווערט אין דער מענשהייט, דרעה איך איבּער די פראַזע פון וואָלטער און זאָג, דאָס

אויב גאָט וואָלט עקזיסטירט, וואָלט ערשט נויטיג געווען צו פֿערניכטען איהם.

די לאָגיק, וואָס דיקטירט דיזע ווערטער, איז צו בעשיינפערליך, אַז עס זאָל נויטיג זיין זיך פֿערברייטען איבער דיזען אַרגומענט. און עס זעהט מיר אויס פֿאַסט ווי אונמעגליך, דאָס אַזעלכע געלעהרטע און גרויסע מענער ווי די, וועמען מיר האָבען אויבען דערמאָנט, זאָלען זיך ניט האָבען אַליין אָנגעשטויסען און זאָלען אַליין ניט האָבען איינגעזעהן דעם ווידערשפּרוך, אין וועלכען זיי פֿערפּלאָנטערען זיך, רייידענדיג פֿון גאָט און מענשליכע פֿרייהייט אין איין און דערזעלבער צייט.

פֿיליכט איז עס צוליבדעם, ווייל זיי, רייידענדיג פֿון פֿרייהייט, אַ זאַך וואָס איז זעהר טהייער אין זייערע אויגען, גיבען זיי דיזען וואָרט אַ גאַנץ אַנדער מיינונג, ווי די, וועלכע מיר האָבען איבער פֿרייהייט. און ווירקליך, זיי רייידען קיין מאָל ניט איבער פֿרייהייט, אָהנע צוצולייגען גלייך אַ צווייטען וואָרט „אויטאָריטעט“ — אַ וואָרט און אַ זאַך, וואָס מיר פֿעראַכטען מיט׳ן גאַנצען האַרצען.

וואָס איז דאָס אויטאָריטעט? איז עס די אונפֿערמיידליכע מאַכט פֿון נאַטירליכע געזעצע, וועלכע מאַניפֿעסטירען זיך אין די נויטווענדיגע פֿאָרקומענדע ערשיינונגען אין דער פֿיזישער און סאָציאַלער וועלט? אָבער געגען דיזע געזעצע איז צו רעבעלירען ניט נאָר פֿערבאָטען, נאָר גאַנץ אונמעגליך! מיר קענען זיי מיספֿערשטעהן, אָדער גאָרניט פֿערשטעהן, אָבער מיר קענען ניט זיי ניט פֿאָלגען, ווייל זיי קאָנסטיטואירען די פֿונדאַמענטאַלע קאָנדיציאָנען פֿון אונזער עקזיסטענץ. זיי וויקלען אונז איין, דרינגען אונז דורך, רעגולירען אַלע אונזערע בעוועגונגען, געדאַנקען און טהעטיגקייטען. אפילו ווען מיר פּרובירען זיי ניט צו פֿאָלגען, בעווייזען מיר נאָר זייער אַלמעכטיגקייט. יאָ, מיר זיינען אַבסאָלוט די שקלאַפֿען פֿון דיזע געזעצע. אָבער אין דיזע שקלאַפֿעריי איז קיין ערנידעריגונג ניטאָ, ווייל שקלאַפֿערי

מיינט אַן אויסערליכער מייסטער, אַ געזעץ־געבער אויסער דעם, וועמען ער בעפֿעהלט, וועהרענד דיזע געזעצע זיינען ניט אויסער אונז. זיי זיינען איינגעבאָרען אין אונז. זיי שטעלען מיט זיך פֿאָר אונזער גאַנצען וועזען, פֿיזיש, אינטעלעקטועל, און מאָראַליש. מיר לעבען, מיר אָטהעמען, מיר אַרבייטען, מיר דיינקען, מיר ווינשען נור דורך דיזע געזעצע. אָהן זיי זיינען מיר גאָרניט, מיר זיינען ניטאָ. דעריבער קענען מיר געגען זיי ניט האָבען גאָר די מאַכט צו רעבעלירען.

אין זיין שייכות צו נאַטירליכע געזעצע, איז נור איין פֿרייהייט מעגליך פֿאַר'ן מענשען — און דאָס איז, צו אַנערקענען און אָנצואווענדען זיי אויף אַלין אַ גרעסערען און גרעסערען גראַד אין אַנקלאַנג מיט דעם צוועק פֿון די קאָלעקטיווע אָדער אינדיווידועלע בעפֿרייאונג, וועלכע ער זוכט צו דערגרייכען. דיזע געזעצע, איינמאָל אַנערקענט, איבען אויס אַן אויטאָריטעט, וועלכע איז נאָך קיין מאָל ניט בעשטריטען געוואָרען פֿון מענשען. איינער מוז, צ. ב. ש., זיין אַ טהעאָלאָג אָדער אַ מעטאַפֿיזיקער, אָדער ווייניגסטענס אַן אַדוואָקאַט, אָדער אַ בורזשואַזער עקאָנאָמיסט, אום צו רעבעלירען געגען דאָס געזעץ, וועלכעס מאַכט, אַז צוויי מאָל צוויי זאָל זיין פֿיער.

דער גרויסער אונגליק איז, דאָס אַ גרויסע אָנצאָהל פֿון נאַטירליכע געזעצע, וועלכע זיינען שוין פֿעסטגעשטעלט געוואָרען פֿון דער וויסענשאַפֿט, בלייבען אונבעקאַנט צו די גרויסע מאַסע מענשען, אין דערפֿאַר ווידער דאַרף מען דאַנקען די רעגירונגען, וועלכע עקזיסטירען פֿאַר דאָס גליק פֿון פֿאָלק.

עס איז דאָ נאָך אַן אַנדער גרויסע שוועריגקייט — נעמליך, דאָס דער גרעסטער טהייל פֿון די נאַטורגעזעצע, וואָס האָבען צו טהאָן מיט די ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט, וועלכע

זיינען פּונקט אַזוי נויטווענדיג און אונפּערענדערליך, ווי די געזעצע, וואָס רעגירען די פיזישע וועלט, זיינען נאָך ניט פעסטגעשטעלט און אנערקענט געוואַרען פון די וויסענשאַפט זעלבסט. איינמאָל ווע'לען זיי אַנערקענט ווערען פון דער וויסענשאַפט, וועלען זיי דאַן דורך ערציהונג אַריינדרינגען אין דעם געוויסען פון די פאָלקסמאַסען, און די פראגע פון פריי־הייט וועט זיין גענצליך געלייזט. די איינגעשפאַרטסטע אויטאָריטעטען מוזען צוגעבען, אז דאַן וועט ניט זיין קיין נויטווענדיגקייט פאַר אירגענד וועלכע פּאָליטישע, רעגולירענדע, דירעקטירענדע אָרגאַניזאַציאָן, א זאַך, וועלכע, צו זי קומט אַרויס פון דעם ווילען פון אַ קעניג, צו פון אַ פּאַרלאַמענט, אויסערוועהלט דורך אַלגעמיינע שטימרעכט, איז אימער פערדערבליך און פיינדליך צו די פרייהייט פו די מאַסען, און טאַקע דערפאַר, ווייל זיי לייגען אַרויף אויף זיי אַ סיס־טעמע פון אויסערליכע און דאַרום אויך דעספּאָטישע געזעצע.

די פרייהייט פון מענשען בעשטעהט אייגענטליך אין דעם: דאָס ער זאָל פאָלגען די נאַטירליכע געזעצע ווייל ער האָט זיי אַליין אַנערקענט אַלס אַזעלכע, און ניט ווייל זיי זיינען אַרויפגעצוואונגען געוואָרען אויף איהם פון אַן אויסערליכען ווילען — זאָל דער ווילען זיין געטליך אָדער מענשליך, קאָלעקטיוו אָדער אינדיווידועל.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַ געלעהרטע אַקאַדעמיע, צוזאַמען געשטעלט פון די גלענצענדסטע פאָרשטעהער פון וויסענשאַפט. לאָמי־ זיך אויך פאָרשטעלען, אַז דיזע אַקאַדעמיע איז בעאויפטראַגט צו מאַכען געזעצע פאַ־ דער געזעלשאַפט און דאָס, בעגייסטערט מיט די ריינסטע ליבע פאַר וואַהרהייט, מאַכט זי נור אַזעלכע געזעצע, וואָס זיינען אין אַן אַבסאָלוטע האַרמאָני מיט די לעצטע ענטדעקונגען פון וויסענשאַפט. וואָס מיר אָבער אָנבעלאַנגט, בעהויפטע איך, אַז אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן וואָלט געווען אַ ווילדע, אונגאַטירליכע איינ־ריבטונג, און דאָס צוליב צוויי אורזאַכען: ערשטענס, ווייל

די מענשליכע וויסענשאַפט איז אייביג און נויטווענדיג אונפאָלקאָמען. ווען מע זאָל פערגלייכען דאָס, וואָס איז אויסגעפונען געוואָרען מיט דאָס, וואָס דאַרף נאָך אויסגעפונען ווערען, קען מען זאָגען, אַז די וויסענשאַפט איז נאָך איצט אין איהר־ע ווינדעלעך. און דאַרום, ווען מ׳ר וואָלטען פּרובירט צו צווינגען דעם מענשען צו לעבען אין אַנקלאַנג מיט די לעצטע פּרינציפּען פון וויסענשאַפט, וואָלטען מיר פערדאַמט די געזעלשאַפט צו ליידען אַ מאַרטירערטהום, וואָס וואָלט געמאַכט פון אַלעמען שרעקליכע קריפּעלס! דער לעבען איז און וועט אימער בלייבען אונענדליך גרעסער און העכער פון וויסענשאַפט.

די צווייטע אורזאַכע איז פאָלגענדע: זאָל אַ געזעלשאַפט פאָלגען די געזעצע, וואָס קומען אַרויס פון אַ וויסענשאַפטליכע אַקאַדעמיע ניט ווייל זי אַליין פערשטעהט דעם פערנינפטיגען גרונד פון דיזע געזעצע, נור ווייל דיזע געזעצע, אַרויסקומענדיג פון די וויסענשאַפט אַליין, זיינען אַרויפגעצוואונגען געוואָרען אויף איהר, וואָלט אַזאַ געזעלשאַפט ניט געווען פון מענשען, נאָר פון חיות. דאָס וואָלט געווען אַ צווייטע אויפלאַגע פון יענע געזעלשאַפט אין פּאַראַגוואַי, וועלכע האָט זיך אַזוי לאַנג אונטערוואָרפען אונטער די הערשאַפט פון די יעזואיטען, דאָס זי וואָלט זיכער און שנעל אַרונטערגעקומען צום שטאַפּעל פון אידיאָטיזמוס.

אָבער עס איז דאָ נאָך אַ דריטע אורזאַכע, וועלכע וואָלט געמאַכט אַזאַ רעגירונג אונמעגליך.

אַזאַ אַקאַדעמיע, און מעג זי בעשטעהן פון די געלעהרטסטע מענער, ווען זי וואָלט געהאַט אַזאַ אַבסאָלוטע מאַכט, וואָלט זי זיך זעהר גיך געענדיגט אין די שרעקליכסטע קאָרופּציאָן. אפילו היינט, ווען זיי האָבען אַזוי ווייניג פּריווילעגיעס, איז עס כמעט דער פאַל מיט אַלע אַקאַדעמיעס. דער גרעסטער וויסענשאַפטליכער געניוס פון דעם מאָמענט, וואָס ער ווערט אַ מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע, דאָס הייסט, אַן אָפיציעלער

געלעהרטער, פֿערלירט ער אונפֿערמיידליך זיין גייסטיגע קראַפֿט, זיין רעוואָלוציאָנערע חוצפה, און דיזע ווילדע ענערגיע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿון יעדען געניוס, און וועלכע האָט די אויפֿגאַבע צו פֿערניכטען אַלטע וועלטען און לייגען די פֿונדאַמענטען פֿאַר נייע. עס איז קיין צווייפֿעל ניט, אַז דאָס וואָס ער געווינט אין העפֿליכקייט, אין פּראַקטישען פֿערשטאַנד, פֿערלירט ער דערפֿאַר אין זיין דיינקונגס קראַפֿט. קורץ און גוט, ער ווערט קאָרומפּירט.

עס איז שוין אַזוי אין דער נאַטור פֿון דער זאַך, דאָס יעדע פּריווילעגיע און יעדע פּריווילעגירטע שטעלונג זאָל טויטען דעם געדאַנק און די האַרץ פֿון מענשען. דער מענש, וואָס האָט מעהר רעכט פֿאַר אַנדערע, איז אַ מאַן, ביי וועמען די האַרץ און דער געדאַנק זיינען פֿערדאָרבען. דאָס איז אַ סאָציאַלער געזעץ, וועלכער ערלויבט ניט קיין אויסנאַהמע, און ער איז פּונקט אַזוי ריכטיג פֿאַר גאַנצע נאַציאָנען, קלאַסען, קאָמפּאַניעס, ווי פֿאַר איינצעלנע מענשען. דאָס איז דער געזעץ פֿון גלייכהייט, די הויפּטבעדינגונג פֿו, פֿרייהייט און מענשליכקייט. דער הויפּטצוועק פֿון דיזער שריפֿט איז, גראַדע צו בעווייזען דיזע וואַהרהייט אין אַלע ערשיינונגען פֿון דעם מענשליכען לעבען.

א וויסענשאַפֿטליכע אַקאַדעמיע, פֿערטרויט מיט די רעגירונג פֿון אַ געזעלשאַפֿט, וואָלט באַלד זיך געענדיגט דערמיט, וואָס זי וואָלט גענצליך אויפֿגעהערט זיך צו בעשעפֿטיגען מיט וויסענשאַפֿט און וואָלט געטהאָן גאָר אַן אַנדער זאַך. דיזע זאַך, ווי אין דעם פֿאַל פֿון אַלע אַנדערע הערשער, וואָלט געווען צו זאָרגען דערפֿאַר, אַז זי זאָל קיין מאָל ניט אויפֿהערען צו הערשען, קיין מאָל ניט פֿערלירען איהר מאַכט. און דאָס קען זי נאָר אויספֿיהרען, מאַכענדיג די געזעלשאַפֿט אַלץ מעהר נאַריש. וואָס נאַרישער די מענשען זיינען, דאָס מעהר נויטהיגען זיי זיך אין אַ רעגירונג.

און פּונקט, ווי עס איז דער פֿאַל מיט אַ וויסענשאַפֿטליכער

אַקאַדעמיע, אַזוי איז עס אויך מיט אַלע געזעץ־געבערישע קערפערשאַפטען, אפילו מיט די, וואָס זיינען אויסערוועהלט פון פאָלק גופא. ווען, למשל, אַ קאָנגרעס ווערט אויסערוועהלט פון פאָלק, קען ער זיך אפילו אַלע מאָל אומבייטען — דאָס איז אמת — אָבער דאָך מוז קומען דערצו, דאָס אין איניגע יאָהרען בילדעט זיך אַ קערפערשאַפט פון פאָליטיקער, וועלכע זיינען פריווילעגירט אין דער טהאַט, כאָטש ניט נאָך'ן געזעץ, און אָפגעבענדיג זיך אויסשליסליך מיט די פערוואַלטונג פון עפענטליכע אַנגעלעגענהייטען פון אַ לאַנד, בילדען זיי ענדליך אַ סאָרט פאָליטישע אַריסטאָקראַטיע, אָדער דעם געפעהרליכסטען סאָרט פון פאָליטישען באָסיזמוס. גוטע עדות דערצו זיינען די פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ און די שווייץ.

דעריבער, קיין אויסערליכע געזעץ־געבונג און קיין אויטאָריטעט! איינע קען ניט אָבגעשיידעט ווערען פון די צווייטע און ביידע זיינען נור דערצו דאָ, אום צו פערשקלאַפען די גאַנצע געזעלשאַפט און צו די פערדערבונג און ערנידעריגונג פון די געזעצגעבער זעלבסט.

## אויטאָריטעט און אויטאָריטעט.

מיינט עס אָבער, דאָס איך פערוואַרף יעדע אויטאָריטעט? ווייט פון מיר אַזאַ געדאַנק! ווען איך דאַרף קויפען אַ פאָר שטיוועל, ווענד איך מיר צו די אויטאָריטעט פון שוסטער; וואָס אָנבעלאַנגט הייזער, קאַנאַלען אָדער אייזענ־באַהנען, קום איך אָן צום ארכטעקט אָדער אינזשעניר, פאַר אַזאַ און אַזאַ ספּעציעלע וויסענשאַפט, ווענד איך מיר

ספּעציעל צו אַזאַ און אַזאַ געלעהרטען. אָבער איך ערלויב ניט, ניט דעם שוסטער, ניט דעם מעכאַניקער און ניט דעם געלעהרטען אַרויפצוצווינגען אויף מיר זייער אויטאָריטעט. איך נעהם אָן פ ר י י זייער אייטאָריטעט און מיט די גאַנצע אַכטונג פאַר זייער אינטעליגענץ און וויסען, בעהאַלט איך אָבער פאַר מיר מיין א ו נ ב ע ש ט ר י י ט ב אַ ר ע ס ר ע כ ט צו קריטיזירען און ניט אייפערשטאַנען צו זיין. איך שטעל מיר ניט צופרידען, אָנפרעגענדיג נור ביי איין אויטאָריטעט אין אַ ספּעציעלע אַנגעלעגענהייט. איך בעראַטה טיך מיט איינינע. איך פערגלייך זייערע מיינונגען און קלייב אויס די, וועלכע שיינט מיר צו זיין די פערנינפטיגסטע. איך אַנערקען ניט קיין אויטאָריטעט, וואָס זאָל זיין אונפעהלבאַר, אפילו אין ספּעציעלע פראַגען. דעריבער, וויפיל אַכטונג איך מעג האָבען פאַר די גאַנצע מענשהייט און פאַר די וואַהרהייטס־ליבע פון אַזאַ און אַזאַ פערזאָן, האָב איך אָבער ניט קיין אַבסאָלוטען גלויבען אין קיין מענשען. אַזאַ גלויבען וואָלט געווען אַן אונגליק פאַר מיין דיינקונגסקראַפט און זאָגאַר פאַר דעם ערפאָלג פון אַלע מיינע אונטערנעהמונגען. דאָס וואָלט גלייך מיר אומגעוואַנדעלט אין אַ דומען שקלאַף. אין אַ ווערקצייג פון דעם ווילען און אינטערעסען פון אַ צווייטען.

ווען איך בויג מיר פאַר די אויטאָריטעט פון ספּעציאַליסטען און ערקלעהר מיך בערייט צו פאָלגען ביז צו אַ געוויסען גראַד און אַזוי לאַנג, ווי איך האַלט עס פאַר נויטיג זייערע אָנדייטונגען און זאָגאַר זייער פיהרונג, איז עס דערפאַר, ווייל זייער אויטאָריטעט איז פון קיינעם ניט ארויפגעצוואונגען געוואָרען אויף מיר. ווען ניט דאָס, וואָלט איך זיי פון מיר פערוואָרפען מיט אַ געפיהל פון שוידער און וואָלט זיי געשיקט צום טייוועל מיט זייערע אָנווייזונגען, פיהרונגען און טובות, פיהלענדיג זיכער, דאָס זיי וועלען ביי מיר נעהמען אַ צו טהייערען פרייז — מיין פרייהייט און זעלבסט

ווירדע — פֿאַר ברעקלעך וואַהרהייטען, איינגעמישט אין אַ מאַסע פֿון ליגענס, וואָס זיי קענען מיר געבען.

איך בויג מיך פֿיר די אויטאָריטעט פֿון ספּעציעלע מענער, ווייל זי ווערט מיר אונטערגעזאָגט אַלס ריכטיג פֿון מיין אייגענעם פֿערשטאַנד. איך בין מיר בעוואוסט איבער מיין אונפֿעהיגקייט צו בעגרייפֿען אין אַלע זיינע איינצעלהייטען אירגענד וועלכען גרויסען טהייל פֿון דעם מענשליכען וויסען. די גרעסטע אינטעליגענץ איז ניט בכוח ארומצונעהמען דאָס גאַנצע. דערפֿון קומט אַרויס די נויטווענדיגקייט, ווי פֿאַר די וויסענשאַפֿט אַזוי פֿאַר די אינדוסטריע, פֿון די צוטהיילונג פֿון אַרבייט. איינער טהוט דאָס, דער אַנדערער עטוואָס אַנדערעש. איך נעהם און איך גיב—אַזוי איז דער מענשליכער לעבען. יעדערער פֿיהרט און ווערט געפֿיהרט. דעריבער איז ניטאָ קיין פֿעסטגעשטעלטע, קיין אייביגע אויטאָריטעט, נור אַ שטענדיגע איבערבייטונג פֿון געמיינשאַפֿטליכע, פֿאַר אַ צייט בלויז, און מעהר פֿון אַלץ, פֿרייע אויטאָריטעט און אונטערוואַרפֿונג.

דערזעלבער גרונד ערלויבט מיר דאַרום ניט אַנצוערקענען אַ פֿעסטגעשטעלטע, שטענדיגע און אַן אַלוועלטליכע אויטאָריטעט, ווייל עס איז ניטאָ אַזאַ אַלוועלטליכער מענש. ניטאָ אַזאַ מענש, וואָס זאָל פֿעהיג זיין אויפֿצופֿאַסען דיזען גרויסען רייכטהום פֿון איינצעלהייטען, אָהן וועלכע די אַנווענדונג פֿון וויסענשאַפֿט צום לעבען איז אונמעגליך. און ווען אפילו אַזאַ גרויסעס וויסען וואָלט געקענט זיין ביי איין מענשען, און ווען ער וואָלט געוואָלט זיך בענוצען דערמיט און אַרויפֿצווינגען זיין אויטאָריטעט אויף אונז, וואָלט דאַן געווען נויטיג אַרויסצוטרייבען דיזען מענשען פֿון דער געזעלשאַפֿט, וויל זיין אויטאָריטעט וואָלט אַרונטערגעבראַכט די אַלע אַנדערע צו שקלאַפֿעריי און פֿערדומונג. דערמיט מיין איך ניט צו זאָגען, אַז די געזעלשאַפֿט דאַרף פֿערפֿאָלגען מענשען פֿון גרויסען גייסט, ווי זי האָט עס ביז איצט געטהאָן.

איך מיין נור, אַז די געזעלשאַפֿט דאַרף זיי ניט נאָכגעבען צופיל, זי טאָר זיי ניט געבען אירגענד וועלכע אויסשליסליכע רעכטע. און זי טאָר עס ניט טהאָן צוליב פאָלגענדע דריי אורזאַכען: ערשטענס, ווייל די געזעלשאַפֿט קען מאַכען דעם טעות און האַלטען אַ שאַרלאַטאַן פֿאַר אַ געניום; צווייטענס, דורך אַזאַ סיסטעם פֿון בעזאָנדערע רעכטע, קען מען מאַכען פֿאַר אַ שאַרלאַטאַן טאַקע אַ גרויסען מאַן פֿון גייסט, דעמאָראַליזירען און ערנידעריגען איהם; און ענדליך, ווייל די געזעלשאַפֿט וואָלט דערמיט בעשאַפֿען אַן אויבערהאַר איבער זיך.

אַלזאָ מיר אַנערקענען די אויטאָריטעט פֿון דער וויסענשאַפֿט, ווייל דער איינציגער צוועק איהרער איז צו געבען אונז אַ ריכטיגען איינבליק אין די נאַטורגעזעצע, וואָס זיינען איינגעוואָרצעלט אין דעם מאַטעריעלען, גייסטיגען און מאָראַלען לעבען פֿון, ווי דער פֿיזישער אַזוי דער סאָציאַלער וועלט — דיזע ביידע וועלטען, שטעלענדיג צוזאַמען אין דער ווירקליכקייט נור איינע און דיזעלבע נאַטירליכע וועלט. אויסער דיזע בערעכטיגטע אויטאָריטעט,— בערעכטיגט, ווייל זי איז פֿערנינפֿטיג און איז אין האַרמאָני מיט די מענשליכע פֿרייהייט — ערקלעהרען מיר אַלע אַנדערע אויטאָריטעטען פֿאַר פֿאַלש און געפֿעהרליך.

מיר אַנערקענען די אויטאָריטעט פֿון די וויסענשאַפֿט, אָבער מיר פֿערוואַרפֿען דעם געדאַנק איבער די אונפֿעהלעראַהאַפֿטיגקייט פֿון דעם וויסענשאַפֿטסמאַן. אין אונזער קירכע — אויב מיר איז ערלויבט צו געברויכען פֿאַר אַ רגע דעם וואָרט, וואָס איך פֿעראַכט אַזוי — ווי אין דער פּראָטעסטאַנטישער, האָבען מיר אַן אויבערשטען, אַן אונזיכטבאַרען קרייסט — די וויסענשאַפֿט. און ווי די פּראָטעסטאַנטען, און נאָך מיט מעהר לאָגיק, וועלען מיר ניט ערלויבען קיינע פּאַפּסטען, קיינע צוזאַמענקינפֿטע פֿון אונפֿעהלבאַרע קאַרדינאַלען, קיינע בישאָפֿס און זאגאַר קיינע פּריסטער. אונזער

קרייסט אונטערשיידעט זיך פֿון דעם קריסטליכען דערמיט, דאָס דער לעצטער איז אַ פּערזענליכע בעשעפֿעניש און אונזערער איז אונפּערזענליך. דער קריסטליכער קרייסט איז פֿאָלקאָמען אין אַן אייביגער פֿערגאַנגענהייט, שטעלט זיך פֿאָר אַלס אַ פֿאָלקאָמענעס וועזען, וועהרענד די פֿערפֿאָל־קאָמנונג פֿון אונזער קרייסט — די וויסענשאַפֿט — איז אימער אין דער צוקונפֿט. וואָס דאָס איז דאָסזעלבע, ווי מיר וואָלטען געזאָגט, אַז דיזע פֿאָלקאָמענהייט קען קיין מאָל ניט פֿער־ווירקליכט ווערען. דאַרום אַנערקענענדיג די וויסענשאַפֿט אַלס אונזער אויטאָריטעט, גיבען מיר ניט אָפּ פֿאַר קיין פֿאַל אונזער פֿרייהייט.

ווען איך רייד פֿון וויסענשאַפֿט, מיין איך די אַלוועלטליכע וויסענשאַפֿט, וועלכע בעשאַפֿט אין געדאַנק אין אַלע איהרע איינצעלהייטען און ביז צום העכסטען גראַד דעם גאַנצען יוניווערזום, די סיסטעמע אָדער די פֿערבינדונגען פֿון אַלע נאַטורגעזעצע, וועלכע ערשיינען פֿאַר אונז דורך די אונ־אויפֿהערליכע ענטוויקלונג פֿון דער וועלט. עס איז קלאָהר, דאָס אַזאַ וויסענשאַפֿט, דער העכסטער צוועק פֿון אַלע אָנשטרענגונגען פֿון דעם מענשליכען געדאַנק, וועט קיין מאָל ניט אין גאַנצען פֿערווירקליכט ווערען. אונזער גאָט אַלזאָ, אונזער קרייסט, וועט אַלזאָ בלייבען אונגעענדיגט, און דאָס מוז שטאַרק פֿערקלענערען דעם שטאָלץ פֿון זיינע פּריווי־לעגירטע פֿאָרשטעהער צווישען אונז.

אָבער, וועהרענד מיר פֿערוואַרפֿען די אַבסאָלוטע, אַלוועלט־ליכע און אונפֿעהלבאַרע אויטאָריטעט פֿון די מענער פֿון וויסענשאַפֿט, אַנערקענען מיר גאַנץ פֿרייוויליג די בעגרענצטע אויטאָריטעט פֿון פֿאַכמענער, זייענדיג גאַנץ איינפֿערשטאַנען צו בעראַטהען זיך מיט זיי, און זייענדיג זיי דאַנקבאַר פֿאַר די ווערטהפֿאָלע לעהרען, וואָס זיי קענען אונז געבען, נור מיט דעם תנאי, דאָס זיי זאָלען זיין בערייט אָנצונעהמען פֿון אונז אַן עצה, אין זאַכען, אין וועלכע מיר זיינען מעהר

געלעהרענט פֿאַר זיי. אין אַלגעמיינעם ווילען מיר קיין זאַך ניט אַזוי שטאַרק, ווי צו זעהן מענשען, בעגאַבט מיט גרויסע קענטניסע, פֿיל ערפֿאַהרונג, גרויסע געדאַנקען און, מעהר פֿאַר אַלס, מיט גרויסע הערצער, וואָס זאָלען האַבען אַן איינפֿלוּס איבער אונז, און ניט אין דעם נאָמען פֿון אירגענד וועלכע אויטאָריטעט, נור וויל עס ווערט פֿון אונז אַליין אַנערקענט אלס גוט. מיר נעהמען אָן אַלע נאַטירליכע אויטאָריטעטען און אַלע ווירקונגען פֿון פֿאַקטען, אָבער מיר פֿעראַכטען אַלערליי אַרטען פֿון געזעצגעבעריי, פֿון אירגענד וועלכען פּריווילעגירטען, אָפֿיציעלען איינפֿלוס, ווען ער זאָל אפילו זיין דער רעזולטאַט פֿון אַלגעמיינע שטים-רעכט. מיר זיינען איבערציינגט, דאָס אַזאַ איינפֿלוס קען נור זיין צו גונסטען פֿון עקספּלאָאַטאַטאָרס און געגען די אינטערעסען פֿון אַ גרויסע מאַיאָריטעט, וואָס מוזען זיך איהר אונטערוואַרפֿען.

די אידעאַליסטען פֿערשטעהען „אויטאָריטעט" גאַנץ אַנדערס. כאָטש זיי האָבען זיך שוין פֿריי געמאַכט פֿון אַלע אַלטע פֿאָראורטהיילע פֿון די פּאָזיטיווע רעליגיאָנען, דאָך פֿערשטעהען זיי אונטער דעם וואָרט אויטאָריטעט עטוואָס געטליכעס, אַבסאָלוטעס. און דאָס איז פּונקט דער געגענזאַץ פֿון די אַרבייט, וואָס מיר טהוען. אין דעם נאָמען פֿון מענשליכע פֿרייהייט, זעלבסטווירדע און גליק, גלויבען מיר, אַז עס איז אונזער פֿליכט צוריקצוקריגען פֿון הימעל די אַלע רייכטהימער וואָס ער האָט גע'גנב'עט און ברייגען זיי צוריק צו אונזער ערד. די אידעאַליסטען, פֿערקעהרט, שטרעבענדיג צו בעגעהן אַן ענדליכע רעליגיעזע העלדישע גניבה, וואָלטען אַוועקגעגעבען צום הימעל — יענעם געטליכען רויבער — דעם גרעסטען, דעם טהייערסטען, דעם נאָבעלסטען פֿון מענשליכען פֿערמעגען עס איז איצט געקומען די צייט פֿאַר דעם פֿריידיינקער צו בערויבען דעם הימעל מיט די חוצפה'דיגע ניט-פֿרומקייט פֿון זיין וויסענשאַפטליכע קריטיק.

די אידעאַליסטען גלויבען, דאָס מענשליכע אידעען און

טהאַטען, אום זיי זאָלען האָבען אַ גרעסערען איינפלוס צווישען מענשען, מוזען זיין בעקליידעט מיט אַ געטליכע היילינקייט. זיי זאָגען, אַז אַלעס וואָס איז גרויס, שעהן און עדעל, איז אויך געטליך. אין דיזע נייע רעליגיאָן ווערט יעדער מענש, וואָס איז בעגייסטערט פון דיזע אידעען און טהאַטען, אַ בעגייסטערטער פריסטער, וואָס איז דירעקט פערהייליגט פון גאָט. און וואָס איז זיין בעווייז? ער דאַרף ניט קיין אַנדערען אַחוץ די גרויסאַרטיגקייט פון זיינע אידעען, וועלכע ער דריקט אויס און די גוטע טהאַטען, וואָס ער בעגעהט. דיזע זיינען אַזוי הויך, דאָס זיי האָבען געקאָנט איינגעגעבען ווערען נאָר פון גאָט.

דאָס איז, אין קורצע ווערטער, זייער פילאָזאָפיע. דאָס זעהט דוכט זיך אויס גאַנץ אונשעדליך, און דאָך פיהרט עס צו דיזעלבע רעזולטאַטען, צו וועלכע אַלע רעליגיאָנען פיהרען, נעמליך, צו די פאָלשטענדיגע אָפלייקענונג פון מענשליכע פרייהייט און זעלבסטווירדע.

צו ערקלעהרען פאַר געטליך אַלעס וואָס איז גרויס, ערהאַבען און גערעכט, מיינט צוצוגעבען, דאָס די מענשהייט אַליין וואָלט ניט פעהיג געווען דאָס צו טהאָן — ד. ה., דאָס די נאַטור פון מענשען, איבערגעלאָזען צו זיך זעלבסט, איז שלעכט, געמיין און העסליך. אַזוי קומען מיר צוריק צום קווינט עסענץ פון אַלע רעליגיאָנען, אין אַנדערע ווערטער, צו די ערנידערונג פון דער מענשהייט, צו גונסטען פון די געטליכקייט. און פון דעם מאָמענט אָן, ווען עס ווערט צוגעגעבען די נאַטירליכע אונפעהיגקייט פון מענשען זיך אַליין אויפצוהויבען, דורך זיינע אייגענע אָנשטריינגונגען, צו דעם בעגריף פון גערעכטיגקייט, מוז מען אויך צוגעבען די טהעאָלאָגישע, פאָליטישע און סאָציאַלע פאָלגען פון די פאָזיטיווע רעליגיאָנען. פון דעם מאָמענט ווי איהר שטעלט אַוועק גאָט אַנטקעגען די מענשהייט, מוזט איהר אויך צוגעבען די נויטווענדיגקייט פאַר די עקזיסטענץ פון

פֿערמיטלער, פֿון גאָט־אויסערוועהלטע, וועלכע זאָלען ערלויכטען, פֿיהרען און רעגירען אין זיין נאָמען די מענשליכע ראַסע.

אָבער קענען מיר דען ניט אָננעהמען, דאָס אַלע מענשען זיינען גלייך בעגייסטערט פֿון אַ גאָט? וועט מען דאָך שוין דאַן ניט געברויכען קיינע פֿערמיטלער? דיזעס אָנצונעהמען איז אָבער אונמעגליך. די פֿאַקטען ווידערשפּרעכען אַזאַ בעהויפּטונג. דאָס וואָלט אונז געצוואונגען צוצושרייבען צו די געטליכע אָפּענבאַרונג אַלע די נאַרישקייטען, געמיינהייטען, טעותן, וועלכע ווערען בעגאַנגען אין דער וועלט טאָג טעגליך. מיר מוזען אַלזאָ אָננעהמען, אַז נור פֿאַר איינִיגע האָט גאָט ענטפּלעקט זיין היילִיגען גייסט, און אויף אַזאַ אופן פֿאַלען מיר ווידער אונטער דעם יאָך פֿון קירכע און שטאַט.

עס איז אמת, אַז רעכענענדיג זיך מיט דער נייער צייט, רופֿט זי זיך מעהר ניט מיט דעם אַלטען נאָמען קירכע. זי רופֿט זיך „שולע". אָבער איז דען דער נאָמען פֿון דער זאַך וויכטיג? דער שטאַט וועט זיך שוין מעהר ניט רופֿען מאָנאַרכיע, נור רעפּובליק, אָבער אַ שטאַט וועט ער דאָך אַלץ בלייבען, דאָס מיינט, אַן אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע איז אָפֿיציעל עטאַבעלירט פֿון אַ מינאָריטעט פֿון קאָמפּעטענטע מענער, מענער פֿון גרויסען גייסט, פֿון טאַלענט, פֿון טוגענד, וועלכע וועלען אימער און אייביג האַלטען פֿאַר זייער פֿליכט אָבאַכט צו געבען און צו רעגולירען די אויפֿפֿיהרונג פֿון דיזען גרויסען, אונפֿערבעסערליכען, שרעקליכען קינד — דאָס פֿאָלק. די פּראָפֿעסאָרען פֿון שוהל און די בעאַמטע פֿון שטאַט וועלען זיך רופֿען רעפּובליקאַנער, אָבער דאָך וועלען זיי בעצם בלייבען לעהרער, פּאַסטוכער, און דאָס פֿאָלק וועט בלייבען, וואָס עס איז געוועזן ביז איצט — אַ סטאַדע. דאָס דאַרף זיין אַ וואַרנונג צו די געשאָרענע, ווייל דאָרט, וואו עס איז דאָ אַ סטאַדע, דאָרט מוזען אויך נויטווענדיגער ווייזע זיין פּאַסטוכער, וואָס זאָלען שערען און פֿערשלינגען

איהר! דאָס פֿאָלק אין דיזע סיסטעמע וועט בלייבען דער שילער. מי וועט איהם פֿילייכט איינריידען, אַז זיין ווילען איז דער העכסטער, דאָך אין דער אמת'ן וועט ער זיין בלויז דער אינסטרומענט פֿון געדאַנקען, ווילענס און דאַרום אויך פֿון אינטערעסען, וואָס וועלען גאָר ניט זיין זיינע. צווישען דיזע לאַגע און דאָס, וואָס מיר רופֿען פֿרייהייט, די איינציגע ווירקליכע פֿרייהייט, איז אַ גאַנצער אָבגרונד. דאָס וועט זיין די אַלטע שקלאַפֿעריי און די אַלטע אונטערדריקונג אונטער נייע פֿאָרמען; און וואו עס איז דאָ שקלאַפֿעריי, דאָרט מוז אויך זיין עלענד, טהירישקייט, פּריווילעגירטע קלאַסען פֿון איין זייט און די מאַסע פֿון דער אַנדערער זייט.

פֿערגעטערענדיג אַלעס וואָס איז גוט אין מענשען, ענדיגען די אידעאַליסטען אין דעם טריאומף פֿון אַ ברוטאַלען מאַטעריאַליזמוס. און צוליב אַ זעהר איינפֿאַכע אורזאַכע: דאָס געטליכע ווערט אויסגעוועבט און פֿערשווינדעט אין זיין פֿאָטערלאַנד, אין הימעל, און נור דאָס טהירישע בלייבט ווירקליך אויף דער ערד.

איין מאָל האָב איך געפֿרעגט מאַדזיני, וואָס פֿאַר אַ מיטלען וועלען אָנגענומען ווערען פֿאַר די בעפֿרייאונג פֿון פֿאָלק, ווען זיין פֿעראייניגטע רעפּובליק וועט שוין אַמאָל עטאַבלירט ווערען.

„די ערשטע זאַך“ האָט ער געענטפֿערט, „וואָס מע וועט טהאָן, וועט זיין די גרינדונג פֿון שולען פֿאַר דאָס פֿאָלק.“

„און וואָס וועט דאָס פֿאָלק געלערענט ווערען אין דיזע שולען?“

„דעם מענשען'ס פֿליכטען, אויפֿאָפּפֿערונג און איבער־געבענהייט.“

אָבער וואו וועט איהר געפֿינען אַ גענוגענדע צאָהל פּראָפֿעסאָרען, צו לערנען דיזע זאַכען, וועלכע קיינער האָט ניט קיין רעכט צו לערנען, סיידען ער פֿערדינט זיי מיט זיין

איינענעםביישפּיל? איז דען ניט די צאָהל מענשען, וואָס געפינען אַ גענוּס אין זעלבסט־אָפּפּער און איבערגעבענהייט זעהר בעגרענצט? די, וועלכע אָפּפּערען זיך אין דעם דינסט פון אַ גרויסע אידעע, פּאָלגען אַ הויכע ליידענשאַפט און בעפרידיגענדיג דיזע ליידענשאַפט, אָהן וועלכע דער לעבען פערלירט יעדען ווערטה אין זייערע אויגען, דיינקען זיי געוועהנליך פון גאַנץ עטוואָס אַנדערעס, ווי אומצופאָרמירען זייער טהעטיגקייט אין אַ לעהרע און די, וועלכע האַלטען אין איין פריידיגען, פערגעסען עס געוועהנליך מקים צו זיין אין לעבען; מענשען, ווי מאַדזיני, אין וועלכע דאָס פריידיגען מיט דעם לעבען זיינען פעראייניגט, זיינען זעהר זעלטען. אויך אין קריסטענטהום זיינען געווען גרויסע מענער, היילינע מענער, וועלכע האָבען ווירקליך פּראַקטיצירט און וועלכע האָבען וויינינסטענס ליידענשאַפטליך געוואונשען צו פּראַקטיצירען אַלעס, וואָס זיי דאָבען געפריידיגט, און וועמען'ס הערצער, פול מיט ליבע, זיינען געווען פול מיט פעראַכטונג פאַר די פערגניגענס פון לעבען. אָבער די גרויסע מאַיאָריטעט פון די קאַטוילישע און פּראָטעסטאַנטישע פּריסטער, וועלכע פּרעדיגען ענטהאַלטונג פון אַלעס גוטעס, זיינען דאָך אַליין די גרעסטע אויסוואורפען, און דער פאַקט דאָס די מעהרסטע זיינען אַזעלכע, איז אַ גענינענדער בעווייז, אַז די שולד איז ניט אין דעם איינצעלנעם מענשען, נור אין די סאָציאַלע לאַגע, אין וועלכע דיזע מענשען זיינען געשטעלט.

די לאַגע פון דעם קריסטליכען פּריסטער איז אַ דאָפּעלטער ווידערשפּרוך. ערשטענס, איז עס דער קאַמפּף צווישען די לעהרע פון ענטזאַגונג — פון פייניגען זיך — מיט די פּאָזיטיווע בעדירפניסע און נייגונגען פון די מענשליכע נאַטור — נייגונגען און בעדירפניסע, וועלכע קענען נור אין זעלטענע פעלע אונטערדריקט ווערען אָדער זאָגאַר גענצליך פערניכטעט ווערען דורך דעם מעכטיגען איינפלוס פון אַ שטאַרקע גייסטיגע אָדער מאָראַלע ליידענשאַפט. אין אַלגעמיין זיינען

אָבער די בעדירפֿעניסע און נייגונגען איינגעוואָרצעלט אין דער מענשליכער נאַטור; און ווען זיי ווערען ניט בעפֿרידיגט אויף אַ נאַטירליכען אופֿן, מוזען זיי ענדליך בעפֿרידיגט ווערען אויף דעם אונגעזונדסטען און משונה'דיגסטען אופֿן. דאָס איז אַ נאַטור־געזעץ און דאַרום אויך אונפֿערמיידליך. געהן געגען דיזעס געזעץ ברענגט צו שרעקליכע פֿאָלגען, פֿון וועלכע אַלע קריסטליכע פריסטער ליידען, און איבער־הויפּט די פּריסטער פֿון דער רוימיש־קאַטוילישער קירכע.

אָבער עס איז דאָ נאָך אַ צווייטער ווידערשפרוך, וועלכער איז געמיינשאַפֿטליך צו אַלע פריסטער פֿון אַלערליי סעקטען. און דיזער ווידערשפרוך קומט פֿון דעם טיטעל „הער", וואָס דער פריסטער האָט געגען זיינע מיטמענשען, אַ מייסטער, וואָס קאָמאַנדעוועט, אונטערדריקט און עקס־פלואַטירט, איז אַ גאַנץ לאָגישע און נאַטירליכע פערזענליכקייט. אָבער אַ מייסטער, וואָס איז זיך מקריב פֿאַר די, וואָס זיינען איהם אונטערטהעניג צוליב זיינע געטליכע אָדער מענשליכע פריווילעגיען, איז אַ ווידערשפרעכליכע און אַ גאַנץ אונמעגליכע בעשעפֿעניש. דאָס איז די פֿאַלשקייט זעלבסט, וועלכע דער רוימישער פּאַבסט שטעלט מיט זיך פֿאָר. רופֿענדיג און האַלטענדיג זיך פֿאַר דעם נידעריגסטען קנעכט פֿון „גאָט", צום צייכען פֿון וואָס, נאָכפֿאָלגענדיג דעם ביישפּיל פֿון קריסט, וואַשט ער איין מאָל אַ יאָהר די פֿיס פֿון צוועלף רוימישע בעטלער, ערקלערט ער זיך דאָך אין דער זעלבער צייט אַלס דער שליח פֿון גאָט, דער אַבסאָלוטער און אונפֿעהלבאַרער מייסטער פֿון דער וועלט.

דאַרף איך אייך דען דערמאָנען, דאָס די פריסטער פֿון אַלע קירכען האָבען אימער, אָנשטאָט זיך צו אָפּפֿערן פֿאַר די, וואָס זיינען איבערגעגעבען געוואָרען אונטער זייער שוץ, עקספּלואַטירט, אונטערדריקט און האָבען געהאַלטען זייערע גלויביגע אין דעם צושטאַנד פֿון אַ סטאַדע, טהיילווייז אום צו בעפֿרידיגען זייערע פערזענליכע ליידענשאַפֿטען, און

טהיילווייז אום צו דינען די אַלמעכטיגקייט פֿון די קירכע?
עהנליכע פֿערהעלטניסע, עהנליכע אורזאַכען ברייגגען אימער אַרויס דיזעלבע פֿאָלגען. און דאַרום ווערט אויך דאָס־זעלבע פּאַסירען מיט די פּראָפֿעסאָרען פֿון די מאָדערנע שוהלען, וועלכע זיינען געטליך בעגייסטערט און פּריווילעגירט פֿון שטאַט. גוטוועגדיגער ווייזע וועלען זיי ווערען, איינִיגע ניט וויסענדיג, און אַנדערע פֿערשטעהענדיג אויסגעצייכענט וואַרום, די אונטערשטיצער פֿון די לעהרע, אַז דאָס פֿאָלק דאַרף זיך אויפֿאָפּפֿערען צו די מאַכט פֿון שטאַט און פֿאַר דעם פּראָפֿיט פֿון די פּריווילעגירטע קלאַסען.

---

וועלכע ערציהונג איז אַן אמת־נוטצע?

---

אַבער זאָלען מיר צולִיבדעם אָפּנעהמען יעדע בילדונג פֿון דער געזעלשאַפֿט און פֿערניכטען אַלע שוהלען? אָה, ניין! בילדונג מוז פֿערשפּרייט ווערען צווישען די מאַסען אין דעם העכסטען גראַד, אומוואַנדלענדיג אַלע קירכען — אַלע דיזע טעמפּלען, וועלכע דינען איצט צו די פֿערהייליגונג פֿון גאָט און צו די פֿערשקלאַפֿונג פֿון מענשען — אין שולען פֿאַר די מענשליכע בעפֿרייאונג. אָבער, ערשטענס, לאָמיר זיך גוט פֿערשטעהן, שוהלען, ריכטיג גערעט, אין אַ נאָרמאַלע געזעלשאַפֿט געגרינדעט אויף דעם פּרינציפּ פֿון גלייכהייט און אויף דעם רעספּעקט פֿון מענשליכע פֿרייהייט, וועלען דאָך נור עקזיסטירען פֿאַר קינדער און ניט פֿאַר ערוואַקסענע. און דאַרום, כדי זיי זאָלען זיין שולען פֿון בעפֿרייאונג און ניט פֿון פֿערשקלאַפֿונג, וועט זיין פֿריהער פֿאַר אַלץ נייטיג אויסצוראַמען פֿון דאָרט די פֿאַבעל וועגען אַ גאָט, דעם

אייביגען און אַבסאָלוטען פֿערשקלאַפֿער. די גאַנצע ערציהונג און בילדונג פֿון קינדער מוז זיין געגרינדעט אויף די וויסענשאַפֿטליכע ענטוויקלונג פֿון דעם מענשליכען דענקען און ניט פֿון דעם גלויבען, אויף די ענטוויקלונג פֿון זעלבסטווירדע און אונאַבהענגיגקייט און ניט פֿון פֿרומקייט און געהאָרכזאַמקייט; אויף די אויפֿהאַלטונג פֿון גערעכטיגקייט און וואַהרהייט און, מעהר פֿון אלץ, אויף די אַכטונג פֿאַר די מענשהייט, וועלכע מוז פֿערנעהמען די שטעלע פֿון די ביז איצטיגע איינגעריכטעטע הימלישע גאָטהייט.

דער ערשטער פונקט פֿון קינדערערציהונג פֿאַנגט זיך אָן נאַטירליכער ווייזע מיט דעם פרינציפ פֿון אויטאָריטעט, ער איז נאַטירליך, ער איז נויטווענדיג, ווען ער ווערט אָנגעווענדעט צו די ערציהונג פֿון גאַנץ יונגע קינדער, וועמעס גייסט האָט זיך נאָך ניט אָנגעפֿאַנגען צו ענטוויקלען. אָבער אַזוי ווי די ענטוויקלונג פון אַלעם און דאַרום אויך פֿון ערציהונג, מיינט די שטופֿענווייזע פֿערניינונג פֿון דעם אָנפֿאנגס פונקט, מוז דיזער פרינציפ פֿון אויטאָריטעט אויך גלייך פֿערשווינדען מיט די וויטערע ערציהונג און בילדונג, מאַכענדיג פּ־אַץ פֿאַר אַלץ אַ גרעסערע פֿרייהייט.

אַ פֿערנינפֿטיגע ערציהונג איז אין גרונד גענומען ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַלץ אַלע מאָל אַ גרעסערע און גרעסערע פֿרייהייט אָנשטאָט אויטאָריטעט, דער ענדליכער צוועק פֿון ערציהונג איז אויסצובילדען פֿרייע מענשען, פֿול אַכטונג און ליבע פֿאַר די פֿרייהייט פֿון אַנדערע. דאַרום, דער ערשטער טאָג פֿון דעם שילער'ס לעבען אין שול, אויב די שול נעהמט איהם, ווען ער קען נאָך קוים ריידען, דאַרף זיין דער טאָג פֿון די גרעסטע אויטאָריטעט און כמעט אַ געצליכע אַבוועזענהייט פֿון פֿרייהייט, אָבער זיין לעצטער טאָג אין שול דאַרף זיין דער טאָג פֿון די גרעסטע פֿרייהייט און די אַבסאָלוטע פֿערניכטונג פֿון איר געגנד וועלכען פרינציפ פֿון אויטאָריטעט.

דער פרינציפ פֿון אויטאָריטעט אָנגעווענדעט אויף מענשען,

וואָס זיינען שוין ניט מעהר קיין קליינע קינדער, איז עטוואָס ווילדעס; ער איז דאַן די אויסגעשפּראָכענע אָפּלייקענונג פֿון דער מענשהייט, די קוועלע פֿון שקלאַפֿעריי און פֿון מאָראַלע און גייסטיגע פֿערדאָרבענהייט.

אונגליקליכער ווייזע האָבען אונזערע טרייע פֿעטערליכע רעגירונגען געלאָזען די פֿאָלקס־מאַסען זיך אויפֿהאָדעווען אין אַזאַ פֿינסטערע אונוויסענהייט, דאָס עס וועט זיין נויטיג צו גרינדען שולען ניט נור פֿאַר די קינדער פֿון פֿאָלק, נור אויך פֿאַר דאָס פֿאָלק גופא. פֿון דיזע שולען וועט מוזען אַוועקגענומען ווערען דער קלענסטער שאָטען פֿון אויטאָריטעט. זיי וועלען ניט זיין מעהר קיינע שולען. זיי וועלען זיין פֿאָלקס־אַקאַדעמיען, וואו עס וועלען ניט זיין קיין מייסטער און ניט קיין שילער, וואו דאָס פֿאָלק וועט קומען פֿרייוויליג צו קריגען פֿרייע בילדונג, און זיי ווידער, רייך אין ערפֿאַהרונג וועלען לערנען די פּראָפֿעסאָרען פֿילע זאַכען, וואָס דיזע וויסען ניט, דאָס וועט דאַרום זיין אַ געגענזייטיגע בילדונג, אַ גייסטיגע פֿערברידערונג, צווישען די געבילדעטע יוגענד און דאָס פֿאָלק.

די אמת׳ע שולע פֿאַר דאָס פֿאָלק און פֿאַר אַלע ערוואַקסענע מענער איז דער לעבען. די איינציגע גרויסע און מעכטיגע אויטאָריטעט, וועלכע איז צו גלייכער צייט פֿערנינפֿטיג און נאַטירליך, די איינציגע אויטאָריעט וועלכע מיר קענען רעספּעקטירען, וועט זיין די עפֿענטליכע מיינונג פֿון א געזעלשאַפֿט, וועלכע איז געגרינדעט אויף די געגענזייטיגע אַכטונג פֿון אַלע איהרע מיטגלידער. יאָ עס איז דאָ אַן אויטאָריטעט, וועלכע איז גאָרניט געטליך, וועלכע איז אין גאַנצען מענשליך, אָבער פֿאַר וועלכע מיר וועלען קניען מיט קוראַזש, זייענדיג זיכער, דאָס ניט נור וועט דיזע אויטאָריטעט אונז ניט פֿערשקלאַפֿען נור פֿערקעהרט, זי וועט זיין דער מעכטיגסטער אינסטרומענט פֿון דער מענשליכער בעפֿרייאונג. דיזע אויטאָריטעט וועט זיין טויזענד מאָל מעהר מעכטיג, ווי אַלע אייערע געטליכע

טהעאָלאָגישע, מעטאַפּיזישע, פּאָליטישע און געזעצליכע אויטאָריטעטען, וואָס זיינען געגרינדעט פון קירכע און שטאַט; פיל מעכטיגער אַלס אַלע אייערע קרימינעלע געזעצע, אייערע געפיינגניס־וועכטער און הענקער.

די קראַפט פון די עפענטליכע מיינונג איז אפילו שוין איצט אַ זעהר ערנסטע זאַך, די מענער, וואָס זיינען מעהר פון אַנדערע פערטיג צו בעגעהן פערברעכענס, סמייען זעלטען וועלכע צו געהן געגען די עפענטליכע מיינונג. זיי וועלען שטרעבען איהר אָבצונאַרען, אָבער זיי וועלען זיין זעהר פאָרזיכטיג נים אַרויסצוטרעטען אָפען געגען איהר, סיידען זיי ווייסען, אַז זיי ווערען אונטערשטיצט פון אַ גרעסערע אָדער קלענערע מינאָריטעט. קיין מענש, ווי שטאַרק און מעכטיג ער מעג זיך האַלטען, וועט ניט קענען אַריבערטראָגען די איינשטימיגע פעראַכטונג פון דער געזעלשאַפט, קיינער קען ניט לעבען, אָהנע צו פיהלען, דאָס ער ווערט אונטערשטיצט אין זיינע מיינונגען און געפיהלען, וועניגסטענס פון אירגענד וועלכען טהייל פון דער געזעלשאַפט. אַ מענש מוז ווערען אָנגעטריבען פון אַ זעהר מעכטיגע איבערוועלטיגענדע איבער־צייגונג, אום צו געפינען קוראַזש צו ריידען און צו האַנדלען געגען אַלעמענס מיינונגען, און אַ פערדאָרבענער, זעלבסטזיכטיגער מענש איז אימער צו פייג, און וועט קיינמאל ניט האָבען דיזען קוראַזש.

קיין זאַך בעווייזט ניט אַזוי קלאָהר די נאַטירליכע און אונפערמיידליכע סאָלידאַריטעט, וואָס פערבינדט אַלע מענשען צוזאַמען, ווי די מאַכט און דער איינפלוס פון די עפענטליכע מיינונג. יעדער מענש קען אויסגעפינען דיזע וואַהרהייט טאָג־טעגליך, ווי אויף זיך זעלבסט אַזוי אויך אויף אַנדערע מענשען, וועלכע ער קען.

„אָבער," ויעט מען פרעגען „אויב דיזע געזעלשאַפטליכע מאַכט עקזיסטירט טו ווארום איז עס ביז איצט ניט אימשטאַנד געוועז צו מאַכען די מענשען מאָראַלישער,

אײדעלער, מיט איין וואָרט, פֿאַר מעהר מענשען?"

איינפֿאַך צוליב דעם, ווייל דיזע מאַכט איז, ביז איצט, אַליין ניט געווען אַ מאָראַלישע, אַן אײדעלע, אַ מענשליכע. און זי איז עס ניט געווען דאַרום, ווייל דער געזעלשאַפֿטליכער לעבען, וועמעס ריכטיגער פּאָרטרעט זי איז, איז געגרינדעט, ווי מיר ווייסען, אויף די פֿערהערליכונג פֿון אַ גאָט און ניט אויף דעם רעספּעקט פֿאַר די מענשהייט; אויף אויטאָריטעט און ניט אויף פֿרייהייט; אויף פּריוויליגיעס און ניט אויף גלייכהייט; אויף רויב און ניט אויף ברידעליכקייט; אויף גרויזאַמקייט און פֿאַלשקייט און ניט אויף גערעכטיגקייט און אמת. דעריבער, האָט די עפֿענטליכע מיינונג, פּונקט אין געגענזאַץ צו די שעהנע טהעאָריען, וועלכע זי פּרעדיגט, אימער אויסגעאיבט אַ פֿערדערבליכען איינפֿלוס. די עפֿענטליכע מיינונג אונטערדריקט ניט זינד און פֿערברעכען, נור זי בעשאַפֿט זיי. איהר אויטאָריטעט איז אַ געטליכע, און דאַרום אַן אונמענשליכע. איהר איינפֿלוס איז אַן אונגליק פֿאַר די מענשען. ווילט איהר מאַכען, אַז דער איינפֿלוס פֿון די עפֿענטליכע מיינונג זאָל זיין אַ גליק, אַ ברכה פֿאַר די מענשען? טאָ זעהט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן זאָל אויסגעפֿיהרט ווערען; מאַכט אַז די אַלמענשליכע בעדירפֿניסע זאָלען זיין ווירקליך סאָלידאַריש, און זעהט, אַז די מאַטעריעלע און סאָציאַלע אינטערעסען פֿון יעדען זאָלען געבראַכט ווערען אין איינקלאַנג מיט די פֿליכטען פֿון יעדען. און אום דאָס אויסצופֿיהרען, איז דאָ נור איין מיטעל: פֿערניכטעט די אַלע אינסטיטוציאָנען פֿון אונגלייכהייט, פֿיהרט איין אין דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע גלייכהייט פֿון אַלע, און אויף דיזען פֿונדאַמענט וועט אויפֿגעריכטעט ווערען די פֿרייהייט, די מאָראַל, און די סאָלידאַרישע מענשליכקייט פֿון אַלע מענשען.





## דער אידעאַליזמוס און מאַטעריאַליזמוס אין דער געשיכטע.

די נויטווענדיגע פאָלגע פון דעם טהעאָרעטישען אידעאַליזמוס איז פראַקטיש דער ברוטאַלסטער מאַטעריאַליזמוס. ניט, אָהן צווייפעל, צווישען די, וועלכע פריידיגען איהם מיט'ן גאַנצען הארצען — וואָס דיזע אָנבעלאַנגט, איז דער רעזולטאַט דער, אַז אַלע זייערע אָנשטרענגונגען פיהרען צו גאָר ניט — נור צווישען די, וועלכע ווילען פערווירקליכען זייערע לעהרען אין דעם לעבען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. עס זיינען דאָ גענוג פאַקטען אין דער געשיכטע דער מענשהייט, וועלכע בעווייזען דיזען אויף'ן ערשטען בליק אונערקלעהרליכען פאַקט, ווי אַזוי דער הויבער אידעאַליזמוס פערוואַנדעלט זיך אין אַ ברוטאַלען מאַטעריאַליזמוס.

פערגלייכט די לעצטע צוויי ציוויליזאַציאָנען פון דער אַלטער וועלט — די גריכישע און רוימישע. וועלכע איז מעהר מאַטעריאַליסטיש, מעהר נאַטירליך אין איהר געשיכטליכען אָנפאַנג, און וועלכע איז מעהר מענשליך, מעהר אידעאַליסטיש אין איהרע רעזולטאַטען? אונצווייפעלהאַפט די גריכישע ציוויליזאַציאָן! וועלכע, פערקעהרט, איז די אידעאַלסטע אין איהר געשיכטליכען אָנפאַנג — אויפאָפפערענדיג די מאַטעריעלע פרייהייט פון דעם מענשען צו די אידעאַלע פרייהייט פון דעם בירגער, וועלכען דער שטאַט רעפרעזענטירט — און וועלכע איז דאָך ענדליך געוואָרען די גרעבסטע, די ברוטאַלסטע? נאַטירליך, די רוימישע ציוויליזאַציאָן! עס איז אמת, דאָס די גריכישע ציוויליזאַציאָן,

ווי אַלע אַנדערע ציווילזאַציאָנען, איז געווען אויסשליסליך נאַציאָנאַל, און איהר פונדאַמענט איז געווען שקלאַפעריי. דאָך, טראָץ דיזע צוויי גרויסע חסרונות, האָט דיזע ציוויליזאַציאָן בעגריפען און פערווירקליכט די אידעע פון מענשליכקייט. זי האָט אויסגעאיידעלט און טאַקעווירקליך אידעאַליזירט דעם לעבען פון מענשען; זי האָט אומגעוואַנדעלט די מענשליכע סטאַדעס אין פרייע פעראייניגונגען פון פרייע מענשען; זי, דורך איהר פרייהייט, האָט בעשאַפען וויסענשאַפט, קונסט, פּאָעזיע, אַן אונשטערבליכע פילאָזאָפיע און די ערשטע בעגריפע פון רעספּעקט פאַר די מענשהייט. מיט פּאָליטישע און סאָציאַלע פרייהייט, האָט זי בעשאַפען דעם פרייען געדאַנק.

אַרום די ענדע פון די מיטעל־אַלטער־פּעריאָדע, וועהרענד דער צייט, ווען אַלעס האָט ווידער אָנגעפאַנגען אויפצולעבען פון דעם הינערפלעט פון מלחמות און פינסטערע אונוויסענ־הייט, אין יועלבע איראָפּאַ האָט געלעבט גאַנצע יאָהר־הונדערטע, איז דער פאַקט, דאָס איינינע גריכישע עמיגראַנטען האָבען געבראַכט עטליכע פון דיזע אונשטערבליכע ביכער, געווען שוין גענוגענד, אויפצוריכטען דעם לעבען, די פרייהייט, דעם געדאַנק, די מענשליכקייט, וואָס זיינען געווען בעגראָבען אין די פינסטערע תפיסה פון קאַטוליציזמוס. מענשליכע בעפרייאונג דאָס איז דער נאָמען פון דער גריכישער ציוויליזאַציאָן. און דער נאָמען פון דער רוימישער ציוויליזאַציאָן? מלחמה — זיג, מיט אַלע זייערע ברוטאַלע פאָלגען. און איהר לעצטער וואָרט? די אַלמעכטיגקייט פון די צעזאַרס. און דאָס מיינט די ערנידערונג און פערשקלאַפונג פון נאַציאָנען און פון מענשען.

אפילו נאָך היינט, וואָס איז עס, וואָס טויטעט, פערניכטעט ברוטאַל אין אַלע איראָפּייאישע לענדער די מענשליכקייט

און פֿרייהייט ? דאָס איז דער טריאומף פֿון דעם צעזאַרישען אָדער רוימישען פּרינציפּ.

פֿערגלייכט איצט צווי מאָדערנע ציוויליזאַציאָנען — די איטאַליענישע און דייטשע. די ערשטע שטעלט מיט זיך פֿאָר, אָהן שום ספק, אין איהר אַלגעמיינעם כאַראַקטער דעם מאַטעריאַליזמוס, די צווייטע שטעלט מיט זיך פֿאָר דעם ריינסטען אידעאַליזמוס. לאָמיר זעהען וואָס זיינען די פּראַקטישע רעזולטאַטען פֿון דיזעביידע.

איטאַליען האָט שוין ביז איצט געטהאָן פֿאַר די מענשליכע פֿרייהייט. זי איז געוועזן די ערשטע אויפֿצוריכטען און אָנצוואווענדען די פּרינציפּען פֿון פֿרייהייט אין אייראָפּאַ, צוריקצוגעבען צו דער מענשהייט איהר רעכט צו מענשליכקייט, צו אינדוסטריע, צו קאָמערס, צו פּאָעזיע, קונסט, צו די פּאָזעטיווע וויסענשאַפֿטען און צו דעם פֿרייען געדאַנק. זייענדיג זייט דאַן אונטערדריקט און געשטיקט פֿון דריי יאָהרהונדערטע פֿון דעספּאָטיזמוס פֿון שטאַט און קירכע, קומט זי איצט ווידער אַרויס. אמת, איהר צושטאַנד דער איצטיגער איז שרעקליך אין פֿערגלייך מיט דעם, וואָס ער איז אַמאָל געווען — און דאָך ווי ווייט פֿערשיידען זי איז פֿון דייטשלאַנד. אין איטאַליען — טראָץ איהר בורזואַזיע, וועלכע האָט איהר געמאַכט מיט בלאָטע צוגלייך, קען דאָך איינער לעבען און אָטהעמען מענשליך, זייענדיג אַרומגע-רינגעלט פֿון אַ פֿאָלק, וועלכע זעהט אויס צו זיין געבאָרען פֿאַר פֿרייהייט. איטאַליען, אפילו די בורזואַזע איטאַליען, קען אָנווייזען מיט שטאָלץ אויף אַזעלכע מענער, ווי מאַדזיני און גאַריבאַלדי. אין דייטשלאַנד אָבער אַטהעמט דאָך איינער די לופֿט פֿון אַ גרויסע פּאָליטישע און סאָציאַלע שקלאַפֿעריי, פֿילאָזאָפֿיש ערקלערט. און אָנגענומען פֿון אַ גרויסען פֿאָלק מיט אַ מינע פֿון צופֿרידענהייט. איהרע העלדען זיינען פּונקט דער געגענזאַץ פֿון א מאַדזיני און גאַריבאַלדי: זיי זיינען ווילליאַם דער 1טער — דיזער בייזער פֿאָרשטעהער פֿון דעם

פּראָטעסטאַנטישען גאָט — די הערען ביסמארק און מאָלטקע און די גענעראַלען מאָנטייפֿעל און ווערדער.

אין אַלע איהרע פֿערהעלטניסע צו די אויסערע וועלט האָט דייטשלאַנד, פֿון דעם אָנפֿאַנג פֿון איהר עקזיסטענץ, פּאַמעלאַך סיסטעמאַטיש זיך פֿערקליבען אין דער בעריטאָריע פֿון איהרע שכנים און אויך דאָרט פֿערפֿלאַנצט איהר הימישע שקלאַפֿעריי. און זייט זי האָט זיך עטאַבעלירט אַלס אַ פֿעראייניגטע מאַכט, איז זי געוואָרען אַ געפֿאַהר פֿאַר די פֿרייהייט פֿון גאַנץ אייראָפּאַ. איצט איז דייטשלאַנד שקלאַפֿיש, ברוטאַל און טריאומפֿירענד.

אום צו וויזען, ווי אַזוי דער טהעאָרעטישער אידעאַליזמוס פֿערוואַנדעלט זיך שטענדיג און אונפֿערמיידליך אין דעם פּראַקטישען מאַטעריאַליזמוס, דאַרף מען נור דערמאָנען דעם ביישפּיל פֿון אַלע קריסטליכע קירכען, און נאַטירליך, מעהר פֿון אַלע, די רוימיש־קאַטוילישע. וואָס קען נאָך זיין ערהאַבענער, אין דעם אידעאַליסטישען זין, מעהר אָפּגעזונדערט פֿון אַלע אירדישע אינטערעסען, ווי די לעהרע פֿון קריסט, ווי זי ווערט געפּריידיגט פֿון דער רוימיש־קאַטוילישער קירכע? אָבער וואָס קען נאָך זיין מעהר ברוטאַל־מאַטעריאַליסטיש, ווי די שטענדיגע פּראַקטיק פֿון דיזעלבע קירכע זייט דעם 8טען יאַהרהונדערט, פֿון ווען עס פֿאַנגט זיך אָן איהר בעשטימטער לעבען אַלס אַ מאַכט? וואָס איז געווע און וואָס איז נאָך ביז היינטיגען טאָג דער הויפּט־צוועק פֿון אַלע איהר סכסוכים מיט די מעכטע פֿון אייראָפּאַ? איהר איינקונפֿט, איהר מאַכט און דאַן איהרע פּאָליטישע פּריווילעגיען.

מיר מוזען איהר געבען קרעדיט — אַנצוערקענען, דאָס זי איז געווען די ערשטע צו ענטדעקען אין די מאָדערנע געשיכטע דיזע אונבעשטרייטבאַרע, אָבער שוין גאָר ניט קיין קריסטליכע, וואַהרהייט, דאָס רייכטהום און מאַכט, די עקאָנאָמישע עקספּלאָאַטאַציאָן און פּאָליטישע אונטערדריקונג פֿון

די מאַסען, זיינען די צוויי נויטוועגדיגע פאַקטאָרען, וואָס מאַכען די מעגליכקייט דעם געטליכען אידעאַל צו הערשען אויף אונזער ערד: דער רייכטהום, וואָס מאַכט פעסטער און גרעסער אַלין די מאַכט, און די מאַכט, אימער אויסגעפינענדיג און בעשאַפענדיג נייע קוועלען פון רייכטהום, האָבען ביידע צוזאַמען בעסער, ווי אַלע הענויים און תפילות, געזיכערט דעם ערפאָלג פון דער קריסטליכער פראָפּאַגאַנדאַ. דאָס איז אַ היסטאָרישע וואַהרהייט. און עס איז זעהר לייכט אויפצוּ־ווייזען, דאָס די קירכע, ד. ה. אלע קירכען, קריסטליכע און ניט קריסטליכע, האָבען קיין מאָל ניט פערגעסען צו אָרגאַני־זירען זיך אין מעכטיגע קאָאָפּעראַציאָנען פאַר די בערויבונג פון די מאַסען אונטער דעם שוץ און ספּעציעלען זעגען פון אַזאַ אָדער אַנאַנדער געטליכקייט. עס איז בעקאַנט, דאָס די אַלע שטאַטען, וועלכע זיינען אָנפאַנגס מיט אַלע זייערע פּאָליטישע און געריכטליכע אינסטיטוציאָנען געווען בלויז צווייגען פון דער קירכע, האָבען אויך הויפּטזעכליך געהאַט אַלס זייער צוועק די זעלבע בערויבונג פון די מאַסען פאַר דעם בענעפיט פון אַן אונבעדייטענדע מינאָריטעט. מע קען זעהר לייכט בעווייזען, דאָס די טהעטיגקייט פון דעם גוטען גאָט און פון די אַלע אַנדערע געטליכע אידעאַלען האָט זיך גע־ענדיגט שטענדיג און איבעראַל מיט די רייך־מאַכונג פון די ווענינע דורך דעם פאַנאַטישען און איביג פערהונגערענדען אידעאַליזמוס פון די מאַסען.

עס איז בעשיינפערליך, דאָס די נויטוועגדיגע בעדינגונג פון דעם טהעאָרעטישען אָדער דעם געטליכען אידעאַליזמוס איז די אויפאָפּפערונג פון לאָגיק, פון מענשליכען פערשטאַנד און פון וויסענשאַפט. מיר גייען נאָך וויטער ערקלערענדיג דאָס דער וואָס פערטהיידיגט די לעהרע פון דעם טהעאָ־רעטישען אָדער געטליכען אידעאַליזמוס, מוז נויטוועגדיגער ווייזע זיך שטעלען אין די רייען פון די אונטערדריקטע אָדער רויבער פון די פאָלקס־מאַסען. דאָס זיינען צוויי גרויסע

אורזאַכען, וועלכע האָבען, דאַכט זיך, בעדאַרפֿט זיין געגונג צו פֿערטרייבען יעדען גרויסען געדאַנק, יעדע גרויסע האַרץ פֿון דעם אידעאַליזמוס. ווי אַזוי זשע קומט עס, דאָס אונזערע גרויסע בעריהמטע אידעאַליסטען, וועלכע עס פֿעהלט ניט געוויס ניט אין פֿערשטאַנד, ניט אין האַרץ, און וועלכע האָבען אָוועקגעגעבען זייער גאַנצען לעבען פֿאַר צו דינען דער מענשהייט — ווי קומט, דאָס זיי האָבען זיך איינגעשפאַרט צו פֿערבלייבען צווישען די פֿאַרשטעהער און פֿערטהיידיגער פֿון אַ לעהרע, וועלכע פּאַסט נור פֿאַר אונזערע הערשער? זיי מוזען זיין בעאיינפֿלוסט פֿון אַ מעכטיגע אורזאַכע. עס קען ניט זיין לאָגיק אָדער וויסענשאַפֿט, ווייל דיזע האָבען אויסגעשפּראָכען זייער אורטהייל געגען די לעהרע פֿון אידעאַליזמוס. עס קען איך ניט זיין פּערזענליכער אינטערעס, ווייל דיזע מענער שטעהען איבער און העכער פֿון אַ זעלכע זאַכען. עס מוז אַלזאָ זיין אַ מעכטיגע מאָראַלישע אורזאַכע, וועלכע עס איז? זי קען זיין נור איינע. דיזע גרויסע מענער דיינקען אודאי, דאָס די אידעאַליסטישע טהעאָריען אָדער גלויבענס זיינען נויטווענדיג פֿאַר די מאָראַל און זעלבסטווירדע פֿון דעם מענשען, און דאָס די מאַטעריאַליסטישע טהעאָריען בריינגען איהם אַרונטער צו דעם צושטאַנד פֿון אַ חיה.

און ווי אויב עס איז גאָר פּונקט קאַפּויר? יעדע ענטוויקלונג, האָב איך געזאָגט, מיינט די פֿערניינונג פֿון דעם אָנפֿאַנג פֿון איהר געשיכטע. איז דער פֿונדאַמענט פֿון אָנפֿאַנג אַ מאַטעריאַליסטישער, מוז די פֿערניינונג זיין אַן אידעאַליסטישע. אָנפֿאַנגענדיג מיט דער ווירקליכער וועלט, פֿון דאָס, וואָס מיר רופֿען שטאָף, מוז לאָגיש די מאַטעריאַליסטישע טהעאָריע דערגרייכען איהר אמת'ע פֿערווירקליכונג, ד. ה. די פֿערמענשליכונג און די פֿאָלשטענדיגע בעפֿרייונג פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט. עס איז אָבער פֿערקעהרט מיט די אידעאַליסטישע טהעאָריע. איהר אָנפֿאַנג זייענדיג דער אידעאַל, מוז ער זיך ענדיגען מיט אַ שרעקליכען דעספּאָטיזמוס, מיט אַן עקפּלאָ־

אַסאָציאַן פֿון די מאַסען, אונטער די פֿאָרמע פֿון שטאַט און קירכע. די היסטאָרישע ענטוויקלונג פֿון מענשען נאָך די מאַטעריאַליסטישע שולע איז אימער אַ פּראָגרעסיווער העכער־שטייגען. און נאָך דער אידעאַליסטישער שולע קען עס ניט זיין קיין אַנדער זאַך, ווי אַ שטענדיגער פֿאַלען.

וואָס פֿאַר אַ מענשליכע פֿראַגע מיר זאָלען ניט וועלען בעטראַכטען, וועלען מיר אימער געפֿינען דעמזעלבען הויפּט־ווידערשפּרוך, צווישען דיזע ביידע שולען. אַזוי, ווי איך האָב שוין פֿריהער בעמערקט, מאַטעריאַליזמוס פֿאַנגט אָן פֿון דאָס טהירישע, אום איינצוריכטען די מענשהייט; אידעאַ־ליזמוס פֿאַנגט אָן מיט געטליכקייט, אום צו גרינדען שקלאַפֿעריי, און פֿערדאַמט די מאַסען צו אַן אייביגען צוש־טאַנד פֿון חיה. דער מאַטעריאַליזמוס לייקענט אָב דעם פֿרייען ווילען און ענדיגט זיך אין די גרינדונג פֿון פֿרייהייט. דער אידעאַליזמוס אין דעם נאָמען פֿון מענשען־ווערדע, פּראָקלאַ־מירט דעם פֿרייען ווילען, און אויף די רואינען פֿון יעדע פֿרייהייט גרינדעט זי אויטאָריטעט. דער מאַטעריאַליזמוס פֿערוואַרפֿט יעדע אויטאָריטעט, ווייל דער טריאומפף פֿון דער מענשהייט קען נור פֿערווירקליכט ווערען דורך פֿרייהייט. קורץ און גוט. איהר וועט כאַפּען די אידעאַליסטען אין דעם גרעבסטען מאַטעריאַליזמוס, וועהרענד די מאַטעריאַליסטען וועט איהר אימער זעהען זיך בעשעפֿטיגען און פֿערווירקליכען די העכסטע אידעאַלע שטרעבונגען און געדאַנקען.

די געשיכטע, נאָך די סיסטעמע פֿון די אידעאַליסטען, קען ניט זיין עטוואָס אַנדערעס, ווי א שטענדיגער פֿאַלען. זיי פֿאַנגען אָן מיט דעם שרעקליכען פֿאַל פֿון די העכסטע רעליגאָנען פֿון אַ ריינע און אַן אַבסאָלוטע אידעע אין שטאָף, און אין וואָס פֿאַר אַ שטאָף? ניט אין דעם שטאָף, וואָס איז אייביג אין אַ צושטאַנד פֿון בעוועגונג און טהעטיגקייט, פֿול אייגענשאַפֿטען און קרעפֿטע, פֿול לעבען און אינטעליגענץ, ווי מיר זעהען עס אין דער ווירקליכער וועלט, נור אין אַן

אויסגעקלעהרטען שטאָף, פֿעראָרעמט און אַרונטערגעבראַכט צו דעם אויסערסטען עלענד, ווי די טהעאָלאָגען און מעטאַפֿיזיקער פֿערשטעהען עס, וועלכע האָבען געריבט דעם שטאָף פֿון אַלעס, אום עס אַוועקצוגעבען צו זייער גאָט. זיי פֿאַנגען אָן מיט דעם אַרונטערפֿאַלען אין אַזאַ שטאָף, וועלכער זייענדיג בערויבט פֿון יעדע טהעטיגקייט און בעוועגונג, שטעלט ער מיט זיך פֿאָר, אין געגענזאַץ צו די געטליכקייט, קיין אַנדער זאַך, ווי גרענעצלאָזע דומהייט און אונבעוועגליכקייט.

דער פֿאַל איז אַזוי שטאַרק, דאָס די געטליכקייט אַליין ווערט פלאַציג פֿון פֿאַל, פֿערלירט דעם בעוואוסטזיין פֿון זיך זעלבסט, און קומט שוין קיינמאָל ניט מעהר צו זיך. און אין דיזע פֿערצווייפֿעלטע לאַגע איז זי נאָך אַלץ געצוואונגען צו בעווייזען וואונדער. ווארום, וויבאַלד דער שטאָף אַליין איז מאַכט און קראַפֿט־לאָז, מוז דאָך יעדע בעוועגונג, וואָס פאַסירט אין דער וועלט, זיין אַ וואונדער, ווייל זי קען דאָך נור קומען פֿון דעם „אויבערשטען,” און אָט איז די אָרימע געטליכקייט, שוין אַ העלפֿט צוקאַלעטשעט פֿון איהר שרעקליכען פֿאַל, אין אַ חלשות־צושטאַנד פֿאַר טויזענדער פֿון יאָהרהונדערטע, דאן כאַפּט זי זיך אויף לאַנגזאַם, אומזיסט שטרעבענדידיג אָנצופאַסען אַ וועלכע עס איז וואָלקענדיגע ערא‍ינערונג פֿון זיך זעלבסט. און יעדע בעוועגונג, וואָס זי טהוט אין דיזע ריכטונג, ווערט אַ בעשעפֿעניש, אַ נייער וואונדער. אויף אַזאַ אופֿן געהט די געטליכקייט דורך אַלע גראַדען פֿון פלאַנצונג ביז צו אַ חיה, פֿון חיה ביז צום מענשען. ביי דעם מענשען זעהט עס אויס האָט זי זיך געמאַכט איהר אמת'ע קוואַרטיר, דאָ איז זי ווידער געקומען צו איהר בעוואוסטזיין, ווייל זי צינדעט אָן אין יעדע מענשליכע בעשעפֿעניש אַ מלך'שען פֿונק, אַ קליין טהיילכעל פֿון איהר אייגענע געטליכע עקזיסטענץ, פֿון די אונשטערבליכע זעלע.



## די געטליכע קוואַרטיר.

.................

די אַזוי איז דאָס מעגליך, דאָס אַ זאַך, וואָס איז אַבסאָלוטער גייסט, זאָל קענען געפֿינען אַ קוואַרטיר אין עטוואָס, וואָס איז בלויז שטאָף? ווי אַזוי קען דער קערפּער ענטהאַלטען, איינשליסען דעם זאָגענאַנטען ריינעם גייסט? דאָס איז ווידער איינע פֿון די פֿראַגען, וועלכע נור דער גלויבען אַליין — די קראַפֿט צו בעשטעטיגען אַלעס, וואָס איז אונזיניג און אונבעגרייפֿליך — קען פֿערענטפֿערען. דאָס איז דער גרעסטער וואונדער, אָבער מיר וועלען זיך דאָ ניט פֿיל פֿערברייטען איבער איהם, וויל מיר ווילען דאָ נור פֿעסטשטעלען די פֿאָלגען, די פּראַקטישע רעזולטאַטען, וואָס דיזע וואונדער האָבען געבראַכט.

נאָך טויזענדע פֿון יאָהרהונדערטע פֿון אומזיסטע אָנשטרענגונגען צו קומען צו זיך, געפֿינט ענדליך די געטליכקייט, וואָס איז געווען פֿערלאָרען און צושפּרייט אין דעם שטאָף, וועלכען זי בעלעבט און ברייננט אין בעוועגונג, איהר אונטערשטיצונגס־פּונקט, דאָס איז דער מענש זיין אונשטערבליכע זעלע אויף אַ מערקווירדיגען אופֿן פֿערשפּאַרט אין אַ שטערבליכען קערפּער. אָבער יעדער מענש, בעטראַכט אַן און פֿיר זיך, איז פֿיל צו בעגרענעצט, צו קליין, אום אויפֿצונעהמען אין זיך די גאַנצע געטליכע גרויסקייט. ער קען נור אויפֿנעהמען אין זיך אַ גאַנץ קליינינקע טהיילכעלע פֿון די געטליכקייט, וועלכע איז אַזוי אונשטערבליך, ווי דאָס גאַנצע.

דערפֿון קומט אַרויס, אַז דאָס געטליכע וועזען, וועלבעס איז אַן אַבסאָלוט ניט־מאַטעריעלעס וועזען, גייסט, איז פּונקט אַזוי טהיילבאַר, ווי דער שטאָף. נאָך אַ געהיימניס, וועמעס ערקלעהרונג מע מוז איבערלאָזען צום פֿעסטען גלויבען.

ווען דער גאַנצער גאָט וואָלט געקענט געפֿינען אַ קוואַרטיר אין יעדען מענש, דאַן וואָלט יעדער מענש געווען אַ גאָט. מיר וואָלטען געהאַט אַ גרויסע מאַסע געטער, יעדער בע־גרענעצט פֿון אַלע אַנדערע, און דאָך אונענדליך — אַ ווידערשפּרוך, וועלכער וואָלט געמוזט פֿיהרען צו די געגענזייטיגע פֿערניכטונג פֿון די מענשען, ווייל עס איז אונמעגליך, אַז אַן אונבעגרענצטעס, אונענדליכעס וועזען זאָל האָבען צו זיך נאָך חברים. וואָס אָבער אָנבעלאַנגט צו די קליינע טהיילכעלעך פֿון דעם געטליכען גייסט, דאָס איז שוין גאַנץ עטוואָס אַנדערס. קיין זאַך קען ניט זיין מעהר פֿערנינפֿטיג, דאָס איין טהייל זאָל זיין בעגרענעצט פֿון צווייטען, און דאָס יעדער איינער זאָל זיין קלענער ווי דאָס גאַנצע. אָבער דאָ איז ווידער אַן אַנדער ווידערשפּרוך: צו זיין גרעסער אָדער קלענער, דאָס זיינען נור אייגענשאַפֿטען פֿון שטאָף, און ניט פֿון דעם גייסט, ווי די אידעאַליסטען פֿערשטעהען עס. עס איז אמת, דאָס אין אַנקלאַנג מיט די לעהרע פֿון די מאַטעריאַליסטען, איז דער גייסט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דאָס אַרבייטען פֿון דעם גאַנצען מאַטעריעלען אָרגאַניזמוס פֿון דעם מענשען, און די גרויסקייט אָדער קליינקייט פֿון דעם גייסט העננט אָב פֿון אַ גרעסערע אָדער קלענערע פֿאָלקאָמענהייט פֿון דעם מענשליכען אָרגאַניזם. אָבער דיזע אייגענשאַפֿטען פֿון קליין און גרויס קענען ניט צוגעשריבען ווערען צו דעם גייסט, ווי די אידעאַליסטען פֿערשטעהען עס, וועלכער איז נאָך זייער מיינונג גאַנץ אונאַבהענגיג פֿון שטאָף. עס קען ניט זיין קיין קלענערער, קיין גרעסערער, קיין בעגרענעצונג צווישען געטער, עס קען נור זיין איין גייסט־גאָט, און ווען מע לייגט

נאָך צו, דאָס די קליינע טהיילכעלעך, פֿון וועלכע די מענש־ליכע זעלען זיינען צוזאַמענגעשטעלט, זיינען צו גלייבער צייט אויך אונשטערבליך, הייסט עס געטריבען דעם ווידער־שפּרוך ביז צו דער העכסטער מדרגה. אָבער אויך דיזעס קען דער גלויבען פֿערדייען. לאָמיר געהען ווייטער.

דאָ אַלזאָ זעהען מיר אַ געטליכקייט, צוריסען אין אַן אונענדליכע מאַסע פֿון שטיקלאַך און אַריינגעזעצט אין אַ זעהר גרויסע צאָהל פֿון בעשעפֿענישע פֿון זכרים און נקבות, פֿון אַלע צייטען, אַלע ראַסען און אַלע קאָלירען. דאַס איז אַ זעהר אונבעקוועמע לאַגע, ווייל די געטליכע טהיילכעלעך זיינען אַזוי ווענינ בעקאַנט איינער מיט'ן אַנדערען אין דעם אָנפֿאַנג פֿון זייער עקזיסטענץ, דאָס זיי פֿאַנגען אָן דערמיט, וואָס זיי פֿרעסען אויף איינע די אַנדערע. נאָך מעהר, אין מיטען פֿון דיזען באַרבאַרישען צושטאַנד און גענצליך טהירישע ברוטאַליטעט, בעהאַלטען דיזע קליינע טהיילכעלעך אַ זעהר אונקלאָרע, אונבעשטימטע ערא־ערונג פֿון זייער געטליכע אָבשטאַמונג; זיי ווערען, ווי מיט אַ מאַגנעט, געשלעפּט צו דאָס גאַנצע, זיי זוכען איינער דעם אַנדערען, דאָס הייסט, דאָס גאַנצע. דאָס איז די געטליכקייט זעלבסט, צושפּרייט און צו זייט אין דער מאַטעריעלער וועלט, וועלכע זוכט זיך אין דעם מענשען און וועלכע איז אַזוי ברוטאַליזירט פֿון די מאַסע מענשען־געפֿענגניסע, אין וועלכען זי איז געווען פֿערשפּאַרט, דאָס זוכענדיג זיך זעלבסט, דערקענט זי זיך גאָרניט, און בעגעהט איין נאַרישקייט גרעסער פֿאַר די צווייטע.

אָנפֿאַנגעדיג מיט פעטישיזמוס, זוכט זי זיך און פֿערגעטערט זיך אָט אין אַ שטיין, אָט אין אַ שטיק האָלץ, און אָט גאָר אין אַ שמאַטע. עס איז זעהר מעגליך, דאָס זי וואָלט זיך פֿון דיזען צושטאַנד קיינמאָל ניט אַרויסגעאַרבייט, ווען די געטליכקייט, וואָס זיצט אויבען, וואָס איז טאַקע דער ריינער אַבסאָלוטער גייסט, וואָלט אויף איהר ניט רחמנות געהאַט.

און אַט האָבען מיר שוין אַ נייע געהיימניס—אַ געהיימניס פֿון די געטליכקייט, וואָס צוטהיילט זיך אין צוויי העלפֿט בײדע גלייך אייביג און אונענדליך — גאָט דער פֿאָטער לעבט אין די הימלען, אין דעם געגענד פֿון דעם ריינעם גייסט און גאָט, דער זוהן, פֿאַלט אַרונטער אין אונזער זינדיגער וועלט. מיר זעהען צווישען דיזע צוויי געטליכקייטען, וואָס זיינען אָבגעזונדערט איינע פֿון די אַנדערע אַן אייביגע פֿערהעלטניס, אַ שטענדיג צוזאַמענריידען זיך. פֿון אויבען צו אונטען און פֿון אונטען צו אויבען. און דיזע פֿערהעלטניס, בעטראַכט אַלס אַן איינצעלנע, אייביגע און שטענדיגע טהאַט בעשאַפֿט שוין עטוואָס נייעס — דעם היילִיגען גייסט. דאָס איז, נאָך די אמת׳ע טהעאָלאָגישע און מעטאַפֿיזישע מיינונג, דער גרויסער שרעקליכער סוד פֿון די קריסטליכע דרייאיינגקייט.

אָבער לאָמיר שנעל פֿערלאָזען דיזע שווינדלענדע הויכקייטען, אום צו זעהן, וואָס קומט פֿאָר אויף דער ערד.

גאָט, דער פֿאָטער, זעהענדיג פֿון די הויכקייט פֿון זיין אייביגען גלאַנץ, דאָס דער אָרעמער גאָט, דער זוהן, איז פֿערטויבט געוואָרען, געפֿאַלען אין חלשות פֿון זיין פֿאַל אין אונזער וועלט, קומט ער איהם צו הילפֿע. פֿון דיזע גרויסע צאָהל פֿון טהיילכעלעך, אין וועלכע גאָט דער זוהן, האָט זיך אַזוי צוקלאַפּט און צושפּרייט, דאָס ער דערקענט זיך אַליין ניט, קלייבט אויס גאָט דער פֿאָטער די, וואָס געפֿעלען איהם אַם בעסטען; ער קלייבט אויס זיינע בעגייסטערטע פּערזאָנען, זיינע פּראָפֿעטען, זיינע מענער פֿון גרויס טוגענד און געניוס, די גרויסע בעגליקער און געזעצגעבער דער מענשהייט: בודהאַ, משה, קאָנפֿוציוס, ליקורג, סאָלאָן, סאָקראַט, דער געטליכער פּלאַטאָ און איבער אַלע יעזוס קריסטוס (די פֿאָלקאָמע פֿערווירקליכונג פֿון גאָט, דעם זוהן, ענדליך צוזאַמענגעקליבען און קאָנצענטרירט אין אַן איינצעלנעם מענשען) אַלע די אַפּאָסטעלם: די הייליגע

פּעטער, פּאַוועל, דזשאָהן, דער גרויסער קאָנסטאַנטין, מאַהאָמעד און ווי אַנדערע זאָגען, אויך לוטהער, וואָלטער, רוסאָ, ראָבעספּיער, דאַנטאָן און פּילע אַנדערע גרויסע און הייליגע פּערזענליכקייטען.

דאָ האָבען מיר אַלזאָ שוין די ערשיינונג פון אַ גאָט אויף דער ערד. אָבער אַזוי שנעל, ווי גאָט מאַכט זיין ערשיינונג, ווערט פון דעם מענשען גאָרניט. מע וועט מיר זאָגען, דאָס ער ווערט ניט געמאַכט צו גאָרניט, ווייל ער איז דאָך אַ טהייל פון גאָט. זייט מיר מוחל! איך גיב צו, דאָס אַ טהייל פון עטוואָס בעשטימטעס, ווי קליין זי זאָל ניט זיין, האָט זי דאָך אַ געוויסע גרויסקייט. אָבער אַ טהיילכעל פון דאָס אונענדליך גרויסע, איז אונענדליך קליין אין פערגלייך מיט איהר. גאָט איז אַלעס, דאַרום איז די ערד און אַלעס אויף איהר און אין איהר — גאָר ניט. איהר קענט ניט אויסמיידען דיזען לאָגישען שלוס.

אַזוי שנעל, ווי גאָט מאַכט זיין ערשיינונג, הערט אויף דער מענש צו זיין פון אירגענד וועלכע בעדייטונג; וואָס גרעסער עס ווערט די געטליכקייט, דאָס עלענדער ווערט די מענשליכקייט. דאָס איז די געשיכטע פון אַלע רעליגיאָנען;

דאָס איז דער רעזולטאַט פון אַלע געטליכע אָפענבאַ־רונגען און געזעץ־געבונגען. אין דער געשיכטע איז דער נאָמען גאָט אימער געווען די בולאַווע, מיט וועלכע מענער, וואָס האָבען געהאַט די פרעטענזיע צו זיין בעגייסטערט פון איהם, האָבען אַרונטערגעשלאָגען, צובראָכען די פרייהייט, די זעלבסטווירדע, דעם פערשטאַנד און דעם גליק פון די מענשען.





## דאָס לעבען און די וויסענשאַפֿט.

מיר האָבען פֿריהער בעטראַכט דעם אַרונטערפֿאַל פֿון דעם הימעלשען גאָט אויף אונזער זינדיגער ערד. מיר האָבען איצט צו בעטראַכטען, ווי אַזוי דער מענש איז געפֿאַלען, וואָס דאָס האָט נור פּאַסירט דורך די ערשיינונג פֿון גאָט אויף דער ערד. בעטראַכט נור, אין וואָס פֿאַר אַ שטאַרקען טעות אונזערע גרויסע און בעריהמטע אידעאַליסטען האָבען זיך פֿערפּלאָנטערט. ריידענדיג צו אונז פֿון גאָט, בעצוועקען זיי אונז צו ערהויבען, צו בעפֿרייען, אונז אויסצואיידעלען, און דער רעזולטאַט איז גאָר פֿערקעהרט, זיי פּערניכטען און ערנידריגען אונז. מיט דעם נאָמען פון גאָט, האָבען זיי זיך איינגערעט, קענען זיי שטיפֿטען ברידערליכקייט צווישען די מענשען, אָבער עס איז גאָר קאַפּויר: זיי בעשאַפֿען שטאָלץ, פֿעראַכטונג, זיי פֿערשפּרייטען קריג און האַס. די מענשהייט איז צוטהיילט אין מענשען, וואָס זיינען זעהר נאָהענט מיט גאָט, ווייניגער נאָהענט און מענשען, וואָס געהערען זיך מיט איהם גאָר ניט אָן. אַלע זיינען גלייך אונבעדייטענד נעגען גאָט, דאָס איז אמת. אָבער, פֿערגליכען איינע מיט די אַנדערע, זיינען איינע גרעסער פּאַר די אַנדערע, ניט נור אין דער טהאַט, — וואָס דאָס וואָלט געווען פֿון אַ זעהר קליינער בעדייטונג, ווייל די טהאַטזעכליכע אונגלייכהייט ווערט פֿערלאָרען אין דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, ווען זי קען זיך ניט צוטשעפּען צו וועלכע פּריווילעגיען — נור אויך

צוליב דאָס געטליכע רעכט פֿון אָפּענבאַרונג, וועלכע עטאַבעלירט גלייך אַן אייביגע, אַ שטענדיגע, אַ פֿערגליווערטע אונגלייכהייט. די וועניגער אָדער גאָרניט בעגייסטערטע, מוזען פֿאָלגען די נאָהענסטע צו גאָט, אַזוי האָבען מיר דעם פרינציפּ פֿון אויטאָריטעט, און מיט איהם צוזאַמען די הויפּט-איינריכטונגען פֿון שקלאַפֿעריי — קירכע און שטאַט.

פֿון אַלע דעספּאָטיען איז די פֿון די רעליגיעזע בעגייסטערטע מענשען-לעהרער די ערגסטע. זיי זיינען אַזוי אויפֿערזיכטיג אויף דעם כבוד פֿון זייער גאָט און אויף דעם טריאומפף פֿון זייערע אידעען, דאָס זיי האָבען קיין בעגריף מעהר, קיין האַרץ מעהר פֿאַר די פֿרייהייט, פֿאַר די זעלבסט-ווירדע און אפילו ניט פֿאַר די ליידען פֿון די לעבענדע, פֿון די ווירקליכע מענשען. די געטליכע דבקות, דאָס פֿערטהאָן זיך אין דעם אידעאַל, מאַכט ענדליך האַרט די איידעלסטע זעלע, און טריקענט אויס די קוואַלען פֿון מענשען-ליבע. בעטראַכטענדיג אַלעס וואָס איז, אַלעס וואָס פּאַסירט אין דער וועלט, פֿון דעם שטאַנדפּונקט פֿון אייביגקייט אָדער פֿון די אַבסטראַקטע אידעע, בעהאַנדלען זיי דאָס, וואָס ווירקליך לעבט, מיט אַ געפֿיהל פֿון פֿעראַכטונג, זיי בעטראַכטען אַלעס, וואָס פּאַסירט פֿאַר קלייניגקייטען. אָבער געראָדע פֿון דיזע קלייניגקייטען שטעלט זיך צוזאַמען דער לעבען פֿון די ווירקליכע מענשען, פֿון די מענשען פֿון פֿלייש און בלוט. אַלעס איז ביי זיי פֿון אַ פֿערבייפֿליהענדע אינטערעסע;

דער מענש אַליין איז דאָך נור אויף אַ ווײַלע: היינט לעבט ער, און מאָרגען איז ער שוין טויט, און אַן אַנדערער וועט שוין פֿערנעהמען זיין פּלאַץ. דאָס איינציגע וואָס איז פֿערהעלטניסמעסיג אייביג, איז די מענשהייט וועלכע ענטוויקעלט זיך אונאונטערבראָכען פֿון דור צו דור. איך זאָג פֿערהעלטניסמעסיג אייביג, ווייל אונזער פּלאַנעט ווען זי וועט פֿערניכטעט ווערען—פֿריהער אָדער שפּעטער מוז עס קומען, ווייל, אַלעס וואָס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען, מוז זיך ענדיגען —

אום צו מאַכען, אָהן צווייפֿעל, פּלאַץ פֿאַר אַן אַנדער פֿאָרמאַציע אין דעם אוניווערזום, וועלכער אַליין איז אויביג, ווער ווייס דאַן וואָס עס קען ווערען פֿון אונזער גאַנצע מענשליכע ענטוויקלונג? דאָך וויל דיזע צייט, ווען דאָס קען קומען, איז נאָך זעהר, זעהר ווייט פֿון אונז, קענען מיר מיט רעכט בעטראַכטען די גאַנצע מענשהייט, אין פֿערגלייך מיט די קורצע טעג פֿון דעם איינצעלנעם אויף אונזער ערד, אַלס פֿערהעלטניסמעסיג אייביג. אָבער אַט טאַקע די טהאַטזאַכע פֿון דער פֿאָרטשרייטענדער מענשהייט איז נור ווירקליך און לעבענדיג, ווייל מע קען זי אַרויסזעהען צו בעשטימטע צייטען, און בעשטימטע פּלעצער, אין ווירקליך לעבענדיגע מענשען און ניט דורך איהר אַלגעמיינע אידעע.

די אַלגעמיינע אידעע איז אימער אַן אַבסטראַקציאָן, און צוליב דעם טאַקע איז זי געוויסע־מאָסען אַ פֿערלייקענונג פֿון דעם ווירקליכען לעבען. די וויסענשאַפֿט קען נור אָנפּאַסען און געבען אַ נאָמען צו די אַלגעמיינע בעדייטונג פֿון די ווירקליכע פֿאַקטען, זייער שייכות, זייערע געזעצע — אין קורצען, צו דאָס וואָס איז שטענדיג אין זייערע אימער ווערענדע אומענדערונגען, אָבער די וויסענשאַפֿט קען זיך קיין מאָל ניט בעשעפֿטיגען מיט זייער אינדיווידועלע זייט, דאָס וואָס שטורעמט, זאָ־צו־זאָגען, מיט דעם ווירקליכען לעבען, וואָס איז דאַרום אוממעגליך פֿאַר די וויסענשאַפֿט צו בעגרייפֿען. די וויסענשאַפֿט פֿערשטעהט דעם געדאַנק פֿון די ווירקליכקייט, דעם געדאַנק פֿון לעבען, אָבער ניט דאָס לעבען דאָס איז דער גרענעץ פֿון די וויסענשאַפֿט, דער איינציגער גרענעץ, וועלכען זי קען ניט אַריבער. די איינציגע נאַטירליכע בעשעפֿטיגונג פֿאַר די וויסענשאַפֿט איז דער געדאַנק. און אויף דעם טאַקע זיינען געגרינדעט די אונ־בעשטרייטבאַרע רעכטע און די גרויסע אויפֿגאַבע פֿון דער וויסענשאַפֿט; אָבער זי איז מאַכטלאָז און זאָגאַר געפֿעהרליך,

ווען דורך איהרע פּאַטענטירטע פּאָרשטעהער, וויל זי אויך נעהמען אויף זיך די אויפגאַבע צו רעגירען דאָס לעבען. די אויפ־גאַבע פון דער וויסענשאַפט איז פעסטצושטעלען די אַלגעמיינע געזעצע, וואָס זיינען אין די ערשיינונגען פון די ענטוויקלונג אין דער פיזישער און סאָציאַלער וועלט. זי שטעלט פעסט, זאָ צו זאָגען, די סימנים פון דעם פּראָגרעס, וועלכען די מענשהייט האָט דערגרייכט, אָנווייזענדיג צו גלייכער צייט די אַלגעמיינע פערהעלטניסע, וועלכע מע מוז אימער נעהמען שטרענג אין אַנבעטראַכט און וועלכע עס וואָלט געווען אַן אונגליק צו איגנאָרירען אָדער צו פערגעסען. קורץ, וויסענשאַפט איז דער קאָמפּאַס פון לעבען, דאָס איז אָבער ניט לעבען. די וויסענשאַפט איז אונפערענדערליך, אונפּער־זענליך, אַלגעמיין, אַבסטראַקט, אַזוי אונפיהלענד, ווי די נאַטור־געזעצע, וועלכע זי געפינט פאַר אונז אויס. דער לעבען איז אָבער אַ זאַך וואָס האַלט אימער און עוויג אין איין אומענדערען זיך, דער לעבען איז אימער פול מיט אינדיווידואַליטעט, פריידען און לײדען, שטרעבונגען, בעדירפניסע און ליידענשאַפטען. נור דער לעבען אַליין בעשאַפט אַלעס, וואָסווירקליך לעבט. די וויסענשאַפט בעשאַפט גאָרניט; זי שטעלט נור פעסט די בעשעפניסע, וואָס זיינען שוין דאָ. און יעדעס מאָל, ווען די וויסענשאַפט'ס־מענער קומען אַרויס פון זייער אַבסטראַקטע וועלט אונטער מענשען אין דער ווירקליכער וועלט, איז אַלעס וואָס זיי שלאָגען פאָר צו בעשאַפען, אַזוי אָרעם, אַזוי לעכערליך אַבסטראַקט, אַזוי בלוטלאָז, אַזוי לעבלאָז! דאַרום פאָלגט, אַז די איינציגע אויפגאַבע פון די וויסענשאַפט צו ערוואַרטען איז אויפצוקלעהרען דאָס לעבען, אָבער ניט צו רעגירען דאָס לעבען.

די רעגירונג פון וויסענשאַפט אָדער פון מענער פון וויסענשאַפט, אַפילו פון די פּאָזיטיוויסטען, די שילער פון קאַנט אָדער פון די שילער פון דייטשען קאָמוניזמוס, קען אַנדערס

ניט זיין, ווי נאָר מאַכטלאָז, לעכערליך, אונמענשליך, גרויזאַם, דעספאָטיש, רויבעריש און שלעכט. מיר קענען זאָגען פון אַזעלכע וויסענשאַפט׳ס־מענער פונקט דאָס זעלבע, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען די מעטאַפיזיקער און טהעאָלאָגען: זיי האָבען ניט קיין האַרץ און ניט קיין בעגריף פאַר די אינדיווידועלע, לעבענדע בעשעפּניסע. מיר קענען זיי זאָגאַר קיינע פאָרווירפע מאַכען דערפאַר, ווייל דאָס איז די נאַטירליכע פאָלגע פון זייער פראָפעסיאָן. אַזוי ווייט, ווי זיי זיינען וויסענשאַפטס־מענער, קענען זיי נור האָבען אַן אינטערעס אין אַלגעמיינהייטען, אין אַבסאָלוטע געזעצע און האָבען קיין געפיהל פאַר עטוואָס אַנדערעס.

אַ ווירקליכע און לעבענדע אינדיווידואַליטעט איז נור בעגרייפליך צו אַ צווייטע אַזעלכע, ניט צו אַ דיינקער, ניט צו אַ מענשען, וועלכער איז פערטיפט אין זיין שטודיום, טהוט זיך אויס, כמעט, פון אַלעס וואָס עס האָט אַ דירעקטען שייכות מיט׳ן לעבען. פאַר אַ וויסענשאַפטס־מאַן עקזיסטירט נור דער איינצעלנער, אַלס אַ מעהר אָדער וועניגער פאָלקאָמענער עקזאַמפּעל פון זיין מין, ד. ה., פון אַ בעשטימטע אַבסטראַקציאָן. אויב דאָס איז צ. ב. ש. אַ קראָליק, איז וואָס ער איז מעהר ענטוויקעלט, דאָס מעהר פערגעניגען וועט דער וויסענשאַפטס־מאַן האָבען אין צוהאַקען איהם אויף שטיקער, אין דער האָפנונג פעסטצושטעלען דורך זיין פעניכטונג די אַלגעמיינע נאַטור, דעם געזעץ פון דעם מין. ווען עס וואָלט ניט געווען קיינער, וואָס זאָל זיין דאַגעגען, וואָלטען מיר דען ניט געפינען אפילו איצט אַ גרויסע צאָהל פאַנאַטישע געלעהרטע. וועלכע וואָלטען געווען פעהיג אויסצופיהרען זייערע עקספּערימענטען זאָגאַר אויף מענשען?

עס איז אמת, אַז די נאַטוראַליסטען מאַכען נאָך דערווייל ניט קיין עקספּערימענטען אויף דעם לעבעדיגען מענשען, אָבער דאָס טהוען זיי ניט, ניט ווייל די וויסענשאַפט ערלויבט

עס זיי ניט, נור צוליב דעם אַלמעכטיגען פּראָטעסט פֿון לעבען. חאָטש זיי פֿערברייננגען דריי פֿירטעל פֿון זייער לעבען אין זייער׳ע שטודיר־שטובען, און דורך זייער אָרגאַניזאַציאָן שטעלען זיי מיט זיך פֿאָר אַ גאַנץ בעזונדערע וועלט — וואָס דאָס אַליין שאַדעט זעהר שטאַרק די געזונדהייט פֿון זייערע הערצער און געדאַנקען — דאָך נאָך אַלעמען זיינען זיי ניט אויסשליסליך מענער פֿון וויסענשאַפֿט; אויך זיי זיינען מעהר אָדער ווייניגער לעבענדיגע מענשען. פֿון דעסטוועגען פֿערלאָזען זיך אויף דעם טאָרען מיר ניט. חאָטש מיר קענען זיין איצט כמעט ווי זיכער, דאָס אַ וויסענשאַפֿטס־מאַן וועט ניט סמייענען צו בעהאַנדלען אַ מענשען אויף דעם שטייגער, ווי ער בעגעהט זיך מיט אַ קראָליק, דאָך קען מען בעפֿירכ־טען דאָס די וויסענשאַפֿטס־מענער אַלס אַ קערפּערשאַפֿט וועלען פּרובירען מאַכען עקספּערימענטען אויף׳ן מענשען, עקספּערימענטען, אָהן צווייפֿעל, זעהר אינטערעסאַנטע, אָבער דערפֿאַר דאָך ניט ווייניגער אונאַנגענעהם פֿאַר זייערע אָפּפֿער. און אויב זיי וועלען ניט קענען אויספֿיהרען זייערע עקספּערימענטען אויף די קערפּער פֿון איינצעלנעם, וועלען זיי געוויס גאַנץ שטאַרק פֿאָדערען צו מאַכען זייערע פּראָבען אויף דעם געזעלשאַפֿטליכען קערפּער, און דאָס טאָר אַבסאָ־לוט ניט צוגעלאָזט ווערען.

די וויסענשאַפֿטס־מענער האָבענדיג אַן אָרגאַניזאַציאָן פֿאַר זיך, מאָנאָפּאָליזירענדיג די וויסענשאַפֿטען, בלייבענדיג אויף אַזאַ אופן פֿרעמד צו דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען — בילדען זיי מיט זיך אַ גאַנץ בעזונדערע קאַסטע, אין פֿילע הינזיכטען עהנליך צו די קאַסטע פּריסטער. וויסענשאַפֿטליכע פֿאַרטיפֿונג איז זייער גאָט. אינדיווידואַליטעטען זיינען זייערע קרבנות, און זיי זיינען די פֿאַטענטירטע כהנים. די וויסענשאַפֿט איז ניט פֿעהיג צו בעגרייפֿען די אינדיווידואַליטעט פֿון מענשען פּונקט אַזוי ווענינ, ווי פֿון אַ קראָליק. מע קען ניט זאָגען, אַז זי איז אונוויסענד איבער דעם פּרינציפּ פֿון אינדיווידואַלי־

טעט. זי בעגרייפֿט זי זעהר גוט אַלס אַ פּרינציפּ, אָבער ניט אַלס אַ פֿאַקט. זי ווייס זעהר גוט, דאָס אַלע מינים חיות, איינגעשלאָסען אויך דעם מענשליכען מין, האָבען קיין ווירקליכע עקזיסטענץ ניט, ווען מע זאָל ניט דיינקען פֿון אַ געוויסע צאָהל פֿון איינצעלנע, וואָס ווערען געבאָרען און שטאַרבען, אום צו מאַכען פּלאַץ פֿאַר נייע איינצעלנע, פּונקט אַזוי שטערבליך. זי ווייס דאָס וואָס העכער דער מין חיה, דאָס אויסגעשפּראָכענער איז די אינדיווידואַליטעט. זי ווייס, דאָס דער מענש, די לעצטע און די פֿאָלקאָמסטע חיה אויף דער ערד, שטעלט מיט זיך פֿאָר די פֿאָלשטענדיגסטע און מערקווירדיגסטע אינדיווידואליטעט און טאַקע ווייל ער האָט די קראַפֿט צו בעגרייפֿען און צו פֿערפערזענליכען, זאָ צו זאָגען, אין זיין סאָציאַלען און פריוואַט לעבען, די געזעצע וואָס זיינען וואַלטענד אין דעם גאַנצען אוניווערזום; די אמתע, די ניט פֿערדאָרבענע, די ניט פֿערקריפּעלטע וויסענשאַפֿט, ווייס, דאָס אַכטונג פֿאַר דעם מענש איז דער העכסטער געזעץ פֿון מענשליכקייט, און דאָס דער גרויסער, דער ווירקליך איינציג־בערעכטיגטער צוועק פֿון דער געשיכטע איז די אויסאיידעלונג, די בעפֿרייאונג און דער גליק פֿון יעדען איינצעלנעם, וואָס לעבט אין דער געזעלשאַפֿט. די וויסענשאַפֿט ווייס זעהר גוט, אַז דאָס געזעלשאַפֿטליכע גליק און פֿרייהייט זיינען נור דאָ אַזוי פֿיל וויפֿיל זיי שטעלען מיט זיך פֿאָר דעם ס"ה פֿון דעם גליק און פֿרייהייט פֿון יעדען איינצעלנעם.

די וויסענשאַפֿט ווייס דיזע אַלע זאַכען, אָבער ווייטער קען זי ניט געהן, די געדאַנקען וועלט זייענדיג איהר נאַטור, קען זי גאַנץ גוט בעגרייפֿען דעם פּרינציפּ פֿון די ווירקליכע און לעבענדע איניווידואַליטעט, אָבער זי קען זיך ניט מתעסק זיין אָט מיט דיזע אינדיווידואַליטעט. די וויסענשאַפֿט בעשעפֿטיגט זיך מיט אינדיווידואומס אין אַלגעמיין; אָבער ניט מיט בערלען אָדער שמערלען, ניט מיט אַזעלכע און אַ

זעלבען, וועלבע, אַזוי ווייט ווי דאָס געהט אָן די וויסענ־שאַפֿט, קענען גאָרניט עקזיסטירען. די איי־צעלנע פֿון די וויסענשאַפֿט זיינען נור פֿאַנטאַסטישע, פֿאָרגעשטעלטע, אָבער ניט קיין אמת׳ע לעבענדיגע וועזען.

נון אָבער, די געשיכטע דער מענשהייט ווערט ניט געמאַכט פֿון דיזע שאָטענדיגע איינצעלנע, נור פֿון טהעטיגע און לעבעדיגע מענשען. און פֿאַר דיזע האָט די וויסענשאַפֿט קיין האַרץ ניט. העכסטענס בעטראַכט זי זיי אַלס מאַטעריאַל פֿאַר די גייסטיגע און סאָציאַלע ענטוויקלונג. וואָס האַרט עס איהר פֿאַר די ספּעציעלע לאַגע און דעם צופֿעליגען מזל פֿון אַ שמערלען אָדער בערלען? די וויסענשאַפֿט וואָלט זיך געמאַכט לעבערליך, זי וואָלט זיך אַליין פֿערניכטעט, ווען זי וואָלט זיך געוואָלט אינטערעסירען מיט דיזע פערזאָנען אויף אַן אַנדער אופֿן, ווי נור אַלס ביישפּילע פֿאַר די אונטער־שטיצונג פֿו זייערע אייביגע טהעאָריען, עס וואָלט געווען אויך לעבערליך צו פֿערלאַנגען פֿון איהר אַז זי זאָל אַזוי האַנדלען, ווייל זי מוז געהאָרכען איהרע אייגענע געזעצע? זי קען ניט בעגרייפֿען דאָסווירקליכע, זי קען זיך נור בע־וועגען אין אַבסטראַקציאָנען. איהר אויפֿגאַבע איז זיך צו בעשעפֿטיגען מיט דעם אַלגעמיינעם לעבען און ענטוויקלונג, צו פֿון די מענשהייט אין אַלגעמיין, צו פֿון אַזאַ און אַזאַ ראַסע אָדער אַזאַ און אַזאַ קלאַס, זי קען זיך בעשעפֿטיגען מיט די אַלגעמיינע אורזאַכען פֿון זייער וואָהל־זיין, פֿון זייער אָרמוטה, און מיט די בעסטע אַלגעמיינע מעטאָדען צו פֿערזיכערען זייער פֿאָרטשריט אין אַלע הינזיכטען. טהוענדיג דאָס, טהוט זי איהר פֿולע און גאַנצע פֿליכט. אָבער עס וואָלט געווען לעבערליך, עס וואָלט געווען אַן אונגליק צו פֿערט־ויען איהר מיט אַן אויפֿגאַבע, וועלבע זי קען ניט אויספֿיהרען, וועלבע איז געגען איהר נאַטור. און ווען אַזאַ זאַך וואָלט אַמאָל פּאַסירט, וואָלט עס זיך געענדיגט דער־מיט דאָס איין קלאַסע מענשען וואָלטען בערויבט די אַלע

איבעריגע אין דעם נאָמען פון די וויסענשאַפט פונקט אַזוי גוט, ווי זיי זיינען ביז איצט בערויבט געוואָרען פון פריסטער, פון אַלערליי פאָליטיקער, פון אַדוואָקאַטען אין דעם נאָמען פון גאָט, שטאַט און געריכטליכעס רעכט!

וואָס איך פרעדיג אַלזאָ ביז צו אַ געוויסען גראַד, איז די רעבעליאָן פון לעבען געגען וויסענשאַפט אָדער, בעסער געזאָגט, געגען די הערשאַפט פון וויסענשאַפט. ניט צו פערניכטען וויסענשאַפט איז מיין וואונש — דאָס וואָלט געווען דער ערגסטער פעררעטה, געגען די מענשהייט — נור צו האַלטען איהר אין איהר פּלאַץ, אַזוי דאָס זי זאָל אייביג פערבלייבען דאָרט, וואו זי בעדאַרף זיין. ביז איצט איז די גאַנצע מענשליכע געשיכטע בעשטאַנען פון אַן אייביגע און בלוטיגע פערניכטונג פון מיליאָנען פון מענשליכע וועזענס צו די עהרע פון אירגענד וועלכע אַבסטראַקציאָן — גאָט, פאַטערלאַנד, שטאַט. נאַציאָנאַליטעט, געשיכטליכע רעכטע, געריכטליכע רעכטע, פאָלקס־פרייהייט, פאָלקס־גליק. אַזוי איז געוועזען די נאַטירליכע, די אונפערמיידליכע געשיכטע פון די מענשליכע געזעלשאַפטען. דאָס קענען מיר שוין ניט איבערמאַכען. מיר מוזען זיך אונטערוואַרפען דערצו, אַזוי וויט, ווי דאָס איז נוגע די פערגאַנגענהייט, ווי צו אַלע אַזעלכע פאַטאַלע טהאַטזאַכען. מיר מוזען גלויבען, דאָס דיזער איז געווען דער איינציג־מעגליכער וועג פאַר די אויסבילדונג פון די מענשליכע ראַסע. מיר דאַרפען זיך זעלבסט ניט אָבנאַרען: ווען מיר זאָלען אפילו דעם גרעסטען טהייל פון דעם מענשליכען עלענד צושרייבען צו די אויפטהועכצען פון די רעגירענדע קלאַסען, דאַרפען מיר אָבער דאָך אַנערקענען, דאָס קיין מינאָריטעט וואָלט ניט געווען מעכטיג גענוג אַרויפצולייגען דיזע אַלע צרות אויף די מאַסען ווען אין די מאַסען אַליין וואָלט ניט געווען אַ דונקעלער געפיהל, וועלכער האָט זיי געשטופט צו דיזע שטענדיגע זעלבסט־אויפאָפּפערונגען, אַמאָל צו אַזאַ און אַמאָל צו אַן

אַנדערע פֿון די איינשלינגענדע אַבסטראַקציאָנען, די וואַמ־פּירען פֿון דער געשיכטע, וואָס האָבען זיך אימער גענעהרט אויף מענשליכע בלוט.

מיר פֿערשטעהען גאַנץ גוט דאָס פֿאַר די טהעאָלאָגען, פּאָליטיקער און יוריסטען איז דיזער געפֿיהל פֿון די מאַסען אימער געווען אַ חיות נפש. אַלס פּריסטער פֿון דיזע אַב־סטראַקציאָנען, לעבען זיי דאָך נור פֿון די אונאויפֿהערליכע זעלבסט־פֿערניכטונג פֿון די פֿאָלקס־מאַסען. עס איז אויך זיך ניט צו וואונדערען, וואָס די מעטאַפֿיזיקער זאָלען דערצו איינשטימען, זייער אויפֿגאַבע איז דאָך נור צו רעכטפֿערטיגען און אויסצו׳פשטלען אַזוי וויט, ווי עס איז מעגליך דאָס וואָס איז גרויזאַם און נאַריש. אָבער דאָס די פּאָזיטיווע וויסענ־שאַפֿט אַליין זאָל אַרויכווייזען דיזעלבע נייגונגען איז אַ פֿאַקט, וועלכען מיר מוזען בעדויערען, ווערענד מיר שטעלען איהם פֿעסט. און צוליב צוויי גרינדע האָט זי עס געטהאָן: ערשטענס, ווייל אַליין אימער בלייבענדיג אויסערען לעבען, זוערט זי רעפּרעזענטירט פֿון אַ פּריווילעגירטע קערפּערשאַפֿט; און צווייטענס, ווייל זי האָט ביי זיך אַליין בעשלאָסען, אַז זי איז דער אַבסאָלוטער און ענדליכער צוועק פֿון יעדע מענשליכע ענטוויקלונג. אָבער ווען זי זאָל ווירקליך גוט זיך זעלבסט קריטיזירען — וואָס יז וועט עס פֿריהער אָדער שפּע־טער מוזען טהאָן — וועט זי מוזען צוגעבען, דאָס די וויסענ־שאַפֿט איז בלויז אַ וועג, אַ מיטעל פֿאַר די פֿאָלשטענדיגע ענטוויקלונג פֿון אַלע ווירקליכע איינצעלנע, וואָס ווערען געבאָרען, לעבען און שטאַרבען אויף דיזער ערד —

די אמתע געשיכטע עקזיסטירט נאָך ניט, מיר פֿאַנגען קוים ערשט אָן צו בעגרייפֿען עטוואָס פֿון איהרע העכסט פֿער־זוויקעלטע פֿערהעלטניסע. אָבער לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען, אַז זי איז ענדליך ענטוויקעלט. וואָס וואָלט אונז דיזע וויסענשאַפֿט געגעבען? זי וואָלט פֿאָרגעשטעלט אַטרייען און פֿערנינפֿטי־גען בילד פֿון די נאַטירליכע ענטוויקלונג פֿון די אַלגעמיינע

פֿערהעלטניסע — מאַטעריעלע און אידעעלע, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע, רעליגיעזע, פֿילאָזאָפֿישע, עסטהעטי־שע און וויסענשאַפֿטליכע — פֿון די געזעלשאַפֿטען, וואָס האָבען געהאַט אַ געשיכטע. אָבער דער אַלוועלטליכער בילד פֿון די מענשליכע צוויליזאַציאָן, ווי ער זאָל ניט אָבשפּיגלען אַלע איינצעלהייטען, וועט דאָך ניט צייגען עטוואָס מעהר, ווי אַן אַלגעמיינעס בילד. די ביליאָנען איינצעלנע, וועלכע האָבען מיטגעמאַכט אַלערליי פֿריידען און לײדען מיט דיזער געשיכטע, דיזע וועלען ניט געפֿינען קיין פּלאַץ אין אונזערע געשיכטס ביכער. זיי האָבען געלעבט און זיינען פֿערניכטעט געוואָרען פֿאַר דעם גליק פֿון די אַבסטראַקטע מענשליכקייט; דאָס איז אַלעס.

זאָלען מיר מאַכען פֿאָרווירפֿע דער וויסענשאַפֿט פֿון דער געשיכטע? דאָס וואָלט געווען אונגערעכט און לעכערליך. איינצעלנע מענשען קענען ניט פֿערנעהמען דעם ווירקליכען לעבען מיט'ן געדאַנק אָדער מיט ווערטער, וועלכע קענען נור אויסדריקען אַבסטראַקציאָנען. אַלעס וואָס מיר קענען פֿאָדערען פֿון דער וויסענשאַפֿט איז, דאָס זי זאָל אונז אָנדייטען מיט אַ טרייע און זיכערע האַנד די אַלגעמיינע אורזאַכען פֿון די לײדען פֿון דעם איינצעלנעם און אין דערזעלבער צייט אונז אָנצייגען אויף די אַלגעמיינע פֿערהעלטניסע, וועלכע זיינען נויטווענדיג פֿאַר די אמתע בעפֿרייאונג פֿון די איינצעלנע, וואָס לעבען אין געזעלשאַפֿט. דאָס איז איהר אויפֿגאַבע, דאָס זיינען איהרע גרענעצען, אויסער וועלכע זי קען ניט געהן. אויסער דיזע גרענעצען פֿאַנגען זיך אָן רעגירונג פּרע־טענזיעס פֿון איהרע פּאַטענטירטע פֿאָרשטעהער פֿון איהרע פּריסטער. עס איז צייט, מיר זאָלען לויז ווערען פֿון דיזע אונפֿעהלבאַרע פּאַפּסטען, אפילו ווען זיי זאָלען זיך רופֿען סאָציאַל דעמאָקראַטען. נאָך אַמאָל, די איינציגע אויפֿגאַבע פֿון דער וויסענשאַפֿט איז צו בעלייכטען דעם וועג. נור דער לעבען בעפֿרייט פֿון אַלע זיינע שטערונגען פֿון

דעגירונג און דאָגמע, קען ווירקליך בעשאַפֿען עטוואָס.

ווי אַזוי לייזט מען אָבער דיזען ווידערשפּרוך? פֿון איין זייט איז וויסענשאַפֿט נויטווענדיג פֿאַר די פֿערנינפֿטיגע אָרגאַניזירונג פֿון דער געזעלשאַפֿט; פֿון דער אַנדערער זייט, איז זי אונפֿעהיג זיך צו אינטערעסירען דערמיט, וואָס איז ווירקליך און לעבט.

דיזער ווידערשפּרוך קען נור געלייזט ווערען אויף איין אופֿן: די וויסענשאַפֿט טאָר ניט בלייבען אויסערען לעבען, זי מוז ניט זיין בלויז דער מאָנאָפּאָל פֿון עטליכע פּאַטענטירטע וויסענ-שאַפֿט-מענער, זי מוז אָננעמען און פֿאַרשפּרייטען זיך צווישען די מאַסען. די וויסענשאַפֿט, פֿון וועלכע עס וועט געפֿאָדערט ווערען אין דער צוקונפֿט, אַז זי זאָל מיט זיך רעפּרעזענטירען דער געזעלשאַפֿטס קאָלעקטיווען געוויסען, מוז ווירקליך ווערען דער אייגענטהום פֿון יעדען. דאַן, גאָרניט פֿערלירענדיג פֿון איהר אַלוועלטליכען כאַראַקטער, און וועהרענד זי וועט פֿאָרטזעצען איהר אַרבייט צו בעשעפֿטיגען זיך אויסשליסליך מיט אַלגעמיינע אורזאַכען, וועט זי אויך געוויס פֿאַסען וואָרצעל אין דעם מאָמענטאַנעם און ווירקליכען לעבען פֿון די איינצעלנע. דאָס וועט זיין אַ בעוועגונג, עהנליך צו די, וועלכע האָט געזאָגט צו די פּרעדיגער ביי דעם אָנפֿאַנג פֿון די רעפֿאָרמאַציאָן, דאָס עס וועט ניט מעהר נויטיג זיין צו האָבען פּריסטער פֿאַר דעם מענשען, דאָס ער וועט פֿון היינט אָן און וויטער זיין זיין אייגענער פּריסטער, ווייל יעזוס קריסטוס אַליין וועט איהם העלפֿען אין דעם.

אָבער דאָ איז ניט די פֿראַגע ניט פֿון יעזוס קריסטוס, אויך ניט פֿון אַ גוטען גאָט, אָדער פֿון פּאָליטישע פֿרייהייט און ז. וו. — זאַכען וואָס זיינען אַלץ זעהר אַבסטראַקט. די וועלט פֿון וויסענשאַפֿטליכע אַבסטראַקציאָן ווערט ניט ענטפּלעקט: זי איז מיטגעבאָרען מיט דער ווירקליכער וועלט, פֿון וועלכען די וויסענשאַפֿט איז בלויז דער אַלגעמיינער און אַבסטראַקטער אויסדרוק, דאָס איז די אורזאַכע, וואָרום עס איז נויטיג

אויפֿצולייזען די ספּעציעלע אָרגאַניזאַציאָנען פֿון די געלעהרטע דורך די איינפֿיהרונג פֿון אַלגעמיינע בילדונג פֿון גליך פֿאַר אַלע אין אַלע זאַכען, כדי די מאַסען זאָלען אויפֿהערען צו זיין אַ סטאַדע, וואָס ווערט געשאָרען פֿון די פּריווילעגירטע פּריסטער, און זאָלען קענען נעהמען אין זייערע אייגענע הענד די לייטונג פֿון זייער לעבען.

אָבער ביז די מאַסען וועלען האָבען דערגרייכט דיזען גראַד פֿון בילדונג, וועט עס זיין נייטיג איבערצולאָזען זיי צו די רעגירונג פֿון די וויסענשאַפֿטס-מענער? געוויס ניט. עס איז פֿיל בעסער פֿאַר זיי אויסצוקומען גאָר אָהן וויסענשאַפֿט, איידער צו לאָזען זיך בעהערשען פֿון די געלעהרטע. דער ערשטער רעזולטאַט פֿון אַזאַ מין רעגירונג וואָלט געווען, אַז דאָס פֿאָלק וואָלט שוין קיין מאָל ניט צוגעלאָזען געוואָרען צו בילדונג, ווייל די עקזיסטירענדע וויסענשאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען זיינען פֿיל אָדער ווייניג אַלע אַריסטאָקראַטיש. אַן אַריסטאָקראַטיע פֿון געלעהרטע! אַזאַ רעגירונג וואָלט געווען פֿעהיג צו פּאַראַליזירען דאָס לעבען און די בעוועגונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. די געלעהרטע אימער פֿול חוצפּה, און אימער אונפֿעהיג, וואָלטען געוואונשען אַריינצומישען זיך אין אַלעס, און די קוואַלען פֿון לעבען וואָלטען אויסגעטריקענט געוואָרען אונטער דעם אָטהעם פֿון זייערע אַבסטראַקציאָנען.

נאָך אַמאָל — דער לעבען, ניט די וויסענשאַפֿט, בעשאַפֿט דאָס לעבען, די אינסטינקטיווע טהעטיגקייט פֿון די מענשען זעלבסט, נור דאָס אַליין קען בעשאַפֿען פֿרייהייט. זיכער וואָלט עס געווען אַ זעהר גוטע זאַך, ווען די וויסענשאַפֿט וואָלט געקאָנט פֿון היינט אָן און ווייטער בעלייכטען דעם פֿאָרטשרייטען פֿון פֿאָלק צו זיין בעפֿרייאונג. אָבער עס איז בעסער צו זיין אין דער פֿינסטער, איידער אַ שמילקענדע און אונזיכערע ליכטיגקייט, וואָס דינט נור דערצו, אום צו פֿערפֿיהרען די מענשען, וואָס פֿאָלגען איהר נאָך. ניט אומזיסט האָבען די מענשען דורכגעמאַכט אַזאַ לאַנגע היסטאָרישע

קאַריעריע און האָבען בעצאָלט פאַר זייערע טעות'ען מיט יאָהרהונדערטע פון עלענד, דער פראַקטישער סך הכול פון זייערע שמערצליכע ערפאַהרונגען שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין טראַדיציאָנעלע וויסענשאַפט, וועלכע אין פילע הינזיכטען, איז ווערט אַזוי פיל ווי די טהעאָרעטישע. איבעריגענס וועט אַ געוויסער טהייל פון די יוגענד — דיזע פון די בורזואַזיע יונגע סטודענטען, וואָס פיהלען אַ גענוג גרויסען האַס פאַר פאַלשקייט, היפאָקריטיזמוס, אונגערעכטיגקייט און פייגהייט פון דער בורזואַזיע, אום זיך אומצוקערען געגען איהר, און אויפצונעהמען מיט'ן גאַנצען האַרצען די גערעכטע זאַך פון דעם פראָלעטאַריאַט — וועלען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, זיין די ברידערליכע לעהרער פון פאָלק. דאַנק זייער טהעטיגקייט וועט מען ניט בענויטיגען זיך אין אַ רעגירונג פון געלעהרטע.

און אויב דאָס פאָלק דאַרף זיך היטען פאַר אַ רעגירונג פון געלעהרטע, דאַרף עס זיך נאָך נעהמען מעהר אין אַכט געגען אַ רעגירונג פון די זאָגענאַנטע בעגייסטערטע אידעאַליסטען.

וואָס עהרליכער עס זיינען די פריסטער פון הימעל, דאָס געפעהרליכער ווערען זיי. די וויסענשאַפטליכע אַבסטראַקציאָן, ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז אַ פערנינפטיגע אַבסטראַקט־ציאָן, אמת אין איהר עססענץ, איז נויטווענדיג פאַר'ן לעבען, פון וועלכע זי איז די טעהאָרעטישע פאָרשטעלונג, זי קען און זי מוז אויפגענומען און געלייטעט ווערען פון לעבען. די אידעאַליסטישע אַבסטראַקציאָן—גאָט—איז אַן עסענדער גיפט, וועלכער פאַרניכטעט און לייזט אויף דעם לעבען. דער שטאָלץ פון די געלעהרטע קען ווערען געבויגען און געבראָכען. דער שטאָלץ פון די אידעאַליסטען, וועלכער איז ניט אַ פערזענליכער, נור אַ געטליכער, איז האַרט און אונבייגזאַם. ער קען און מוז שטאַרבען, ער וועט אָבער קיינמאָל זיך ניט אונטערוואַרפען, און מיט זיין לעצטען אָטהעם־צוג וועט ער נאָך פרובירען צו מאַכען די מענשען

פֿאַר שקלאַפֿען צו זיין גאָט. דער רעזולטאַט פֿון גלויבען איז אימער שקלאַפֿעריי, און צוגלייבער צייט דער טריאומפף פֿון דעם העסליכסיטען און ברוטאַלסטען מאַטעריאַליזמוס.



דער סך הכול.

דער מענש, ווי די גאַנצע לעבענדע נאַטור, איז דורך און דורך אַ מאַטעריעלעס וועזען. דער געדאַנק, די פֿעהיגקייט צו דענקען, צו בעטראַכטען אויסערליכע און אינער־ליכע פּאַסירונגען, צו געדענקען זיי, ווען זיי זיינען שוין אַוועק און בעשאַפֿען זיי אויף דאָס ניי דורך די פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט, צו פֿערגלייכען זאַכען איינע מיט די אַנדערע און קלאַסיפֿיצירען זיי — דאָס איז די אינטעליגענץ, אין איין וואָרט, דער איינציגער בעשעפֿער פֿון אונזער גאַנצער אידעעלער וועלט, וועלכע איז די איינגענשאַפֿט פֿון דעם מין חיה. מיר ווייסען דאָס אויף זיכער, דורך די ערפֿאַהרונג פֿון אַלע, וועלכע קיין פֿאַקט האָט נאָך קיין מאָל ניט ווידער־געשפּראָכען, און וואָס יעדער מענש קען פֿאַר זיך אַליין אויסגעפֿינען יעדען מאָמענט פֿון זיין לעבען.

אין אַלע חיות, ניט אויסגעשלאָסען אַפֿילו די נידעריגסטע פֿון דעם מין, געפֿינען מיר אַ געוויסען גראַד פֿון אינטעליגענץ און מיר זעהען אין די רייען פֿון די מינים דאָס די טהירישע אינטעליגענץ ענטוויקעלט זיך, ווערט אַלץ גרעסער, וואָס די חיה איז אין איהר קערפּער איז אַלץ עהנליכער צו דעם מענשליכען, אָבער נור אין דעם מענשען אַליין דערגרייכט די אינטעליגענץ אַז אַ מאַכט פֿון אַבסטראַקציאָן, דאָס מיט רעכט קען עס גערופֿען ווערען און איז דער געדאַנק.

די אַלוועלטיכע ערפֿאַהרונג, וועלכע איז די איינציגע

קוועלע פון אונזער וויסען, ציינט אונז דארום, דאָס יעדע אינטעליגענץ איז אימער בעהעפטעט צו אירגענד וועלכען לעבעדיגען קערפער, און דאָס די שטאַרקייט, די קראַפט פון די לעבענס-פונקציאָן היינגט אָב פון די פערהעלטניסמעסיגע פאָלקאָמענהייט פון דעם אָרגאַניזם. דיזער רעזולטאַט פון די אַלוועלטליכע ערפאַהרונג איז ניט נאָר אָנווענדבאַר צו די פערשיידענע מינים פון חיות; מיר געפינען זיי אויך אין די מענשען, וועמעס אינטעליגענץ און מאָראַלישע קראַפט היינגט אָב אַזוי פעסט און קלאָהר פון די גרעסערע אָדער קלענערע פאָלקאָמענהייט פון זייערע אָרגאַניזמען אַלס אַ ראַסע, אַלס אַ נאַציאָן, אַלס אַ קלאַס און אַלס איינצעלנע, דאָס עס איז ניט נויטיג זיך לייננער אָבצושטעלען אויף דעם.

פון דער אַנדערער זייט איז עס זיכער, דאָס קיין מענש האָט נאָך ניט געזעהן אַזאַ זאַך ווי ריינעם געדאַנק, אָבגעזונדערט פון אַ מאַטעריעלע פאָרמע, בעזונדער פון אירגענד וועלכען לעבעדיגען קערפער. אָבער אויב קיין מענש האָט עס ניט געזעהן, ווי קומט עס, דאָס מענשען האָבען אָנגעהויבען גלויבען אין זיין עקזיסטענץ? דער פאַקט פון דיזען גלויבען איז זיכער, און אויב ער איז ניט אַזוי אַלגעמיין, ווי די אַלע אידעאַליסטען פרעטענדירען, אָבער דאָך איז ער זעהר שטאַרק פערברייטעט, און אַלס אַזעלכער פערדינט ער אונזער שטריינגסטע אויפמערקזאַמקייט. אַן אַלגעמיינער גלויבען, ווי נאַריש ער זאל ניט זיין, האָט אַ צושטאַרקען איינפלוס אויף דעם לעבען פון די מענשען, דאַס מיר זאָלען זיך קענען פערגינען איהם צו איגנאָרירען.

דאָך די ערקלעהרונג פון דיזען גלויבען איז זעהר פערנינפטיג. דער ביישפיל, וואָס ווערט אונז געגעבען פון קינדער און פון יונגע מענער און מאַנכעס מאָל פון מענער, וואָס זיינען שוין אין די עלטערע יאָהרען, ציינט אונז, דאָס דער מענש קען געברויכען זיינע גייסטיגע פעהיגקייטען פאַר אַ לענגערע צייט, איידער ער גיט זיך אָב רעכענונג, וואַרום

ער דיינקט אַזוי און ניט אַנדערש. וועהרענד דיזען אַרבייטען פֿון דעם געדאַנק, אונבעוואוסט איבער זיך זעלבסט, וועהרענד דיזע טהעטיגקייט פֿון די אונשולדיגע אָדער גלויביגע אינטעליגענץ, בעשאַפֿט זיך דער מענש, אַרומגערינגעלט פֿון דער אויסערליכער, זעהר פֿערפּלאָנטערטער וועלט, געשטופּט פֿון דעם לעבען און זיינע פֿילפֿאַכע נויטווענדיגקייטען, אַ גרויסע צאָהל פֿאָרשטעלונגען און אידעען, וועלכע זיינען נויטווענדיגער ווייזע זעהר אונפֿאָלקאָמען און וועלכע זיינען נור עטוואָס אין איינקלאַנג צו די ווירקליכקייט פֿון די זאַכען, וועלכע זיי זוכען אויסצודריקען. ניט האָבענדיג דאַן דעם בעוואוסטזיין פֿון זיין אייגענע אינטעליגענץ־טהעטיגקייט, ניט וויסענדיג נאָך דאַן, דאָס ער אַליין האָט בעשאַפֿען און בעשאַפֿט אַלץ ווייטער, דיזע פֿאָרשטעלונגען, דיזע פֿאַנטאַזיען, איגנאָרירענדיג גענצליך זייער מענשליכע אָבשטאַמונג, מוז ער זיי נויטווענדיגער ווייזע בעטראַכטען אַלס זאַכען אַן און פֿיר זיך, אַלס ווירקליכע זאַכען, וואָס זיינען גענצליך אונאַבהענגיג פֿון איהם, וועלכע עקסיסטירען פֿאַר זיך זעלבסט און אין זיך זעלבסט.

אָט אויף אַזאַ אופֿן האָבען די פּרימיטיווע פֿעלקער, אַרויסקומענדיג לאַנגזאַם פֿון זייער טהירישע אונשולדיגקייט, בעשאַפֿען זיך זייערע געטער. האָבענדיג זיי שוין איינמאָל בעשאַפֿען און ניט זייענדיג בעוואוסט איבער דעם, דאָס זיי אַליין זיינען געווען זייערע ווירקליכע באַשעפֿער, האָבען זיי אָנגעהויבען זייערע אייגענע בעשעפֿניסע צו פֿערגעטערען. בעטראַכטענדיג זיי, אַלס ווירקליכע וועזענס, פֿיל גרעסער און העכער פֿון זיך זעלבסט, האָבען זיי צוגעשריבען צו זיי די אַלמעכטיגקייט און האָבען זיך אַנערקענט אַלס זייערע בעשעפֿניסע, אַלס זייערע שקלאַווען. אַזוי שנעל, ווי די מענשליכע אידעען ענטוויקלען זיך, ווערען די געטער, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט געווען עטוואָס אַנדערעס, ווי די פֿאַנטאַסטישע, די אידעאַלע, די פּאָעטישע אַנטפּלעקונג

פֿון אַ׳ אומגעדרעהטען בילד, אַלץ מעהר און מעהר אידעאַליזירט. פֿריהער זיינען זיי פּראָסטע שטיקער האָלץ, דאַן לאַנגזאַם ווערען זיי ריינע גייסטער, וועלכע עקזיסטירען אויסער דער זיכטבאַרער וועלט, און ענדליך אין דעם גאַנג פֿון דער געשיכטע, ווערען זיי אַלע פֿערוואַנדעלט אין אַן איינצעלנעם געטליכען וועזען, אַ ריינעם, אייביגען, אַבסאָלוטען גייסט, דער מייסטער און דער בעשעפֿער פֿון די מענשען.

אין יעדער ענטוויקלונג, אַן אמת׳ע אָדער פֿאַלשע, אַ ווירקליכע אָדער אויסגעטראַכטע, פֿון אַ גאַנצער געזעלשאַפֿט אָדער אַן איינצעלנעם, איז עס אימער דער ערשטער טריט, וואָס קאָסט מיה און פיין; דער עשטער אַקט איז עס, וואָס איז דער שווערסטער. איז דער אָנפֿאַנג שוין איינמאָל געמאַכט, קומט שוין אַלעם אַנדערע אויף אַ גאַנץ נאַטירליכען אופן, אַלס אַ נויטווענדיגע קאָנזעקווענץ.

דער שווערסטער שריט אין די היסטאָרישע ענטוויקלונג פֿון דיזע שרעקליכע רעליגיאָנס משוגעת, וועלכע האַלט נאָך ביז איצט פֿערפֿינסטערט אונזער פֿערשטאַנד, איז געווען אַוועקצושטעלען אַ געטליכע וועלט אַ חוץ דער ווירקליכער. דיזער ערשטער אַקט פֿון משוגעת, וואָס איז אַזוי נאַטירליך פֿון דעם פסיכאָלאָגישען שטאַנדפונקט און דאַרום אויך נויטווענדיג אין דער געשיכטע דער מענשהייט. איז ניט אויסגעפֿיהרט געוואָרען מיט איין קלאַפּ. איך ווייס ניט וויפֿיל יאָהרהונדערטע זיינען עס נויטיג געווען אום צו ענטוויקלען דיזען גלויבען און צו מאַכען איהם פֿאַר דעם הערשענדען איינפֿלוס אויף די סאָציאַלע זיטען פֿון מענישען. אָבער איינמאָל האָט ער זיך שוין פֿעסטגעשטעלט, איז ער געוואָרען אַזוי אַלמעכטיג פונקט אַזוי גוט, ווי אַ משוגעת, וואָס קלייבט זיך אַריין אין איינעמס קאָפּ. נעהמט צום ב״ש, אַ משוגענעם — מאַכט ניט אויס אויף וואָס פֿאַר א ספעציעלע זאַך דער מאַן איז משוגע — און איהר וועט געפֿינען, דאָס דיזע דונקעלע און פֿיקסע אידעע, וואָס האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט

אין זיין מאַרך, זעהט איהם אויס צו זיין די נאַטירליכסטע זאַך אין דער וועלט, און דאָס, אומגעקערט, די ווירקליכע זאַכען, וועלכע ווידערשפּרעכען זיין משוגעת, זעהען איהם אויס צו זיין לעכערליך און נאַריש. נון, גוט: רעליגיאָן איז אַ קאָלעקטיווע משוגעת, דעסטאָ מעהר מעכטיג, ווייל זי איז טראַדיציאָנעל, און ווייל איהר אָנפאַנג איז אין דעם וויטסטען אַלטערטהום. אַלס אַ מאַסען משוגעת איז זי אַריינגעדרונגען אין די סאַמע טיפעניש פון דעם עפענטליכען אין פּריוואַט־ען לעבען פון די מענשען; זי איז געוואָרען, זאָ צו זאָגען, די נשמה, דער געדאַנק פון די מאַסע. יעדער מענש ווערט אין איהר איינגעוויקעלט פון דעם ערשטען טאָג פון זיין לעבען; ער זויגט איהם איין מיט זיין מוטערם מילך, ער נעהמט איהר אויף דורך אַלעס מיט וואָס ער קומט אין בער־יהרונג, דורך אַלעס וואָס ער זעהט, ער ווערט אַזוי אויס־שליסליך גענעהרט פון איהר, אַזוי פאַרגיפטעט, און אַזוי דורכדרונגען ווערט פון איהר זיין גאַנצער וועזען, דאָס שפּע־טער, ווי מעכטיג עס זאָל ניט זיין זיין דיינקונגס קראַפט, מוז ער מאַכען אונערהערטע אָנשטריינגונגען, אום זיך צו בעפרייען פון איהר, און זאָגאַר דאַן איז ער ניט אין גאַנצען ערפאָלגרייך.

ווען די איבערנאַטירליכע וועלט, די געטליכע וועלט, איז איינמאָל איינגעשמועסט געוואָרען אין די פאָרשטעלונגס קראַפט פון מענשען, איז שוין די ענטוויקלונג פון די פער־שיידענע רעליגיעזע סיסטעמען א זעהר לאָגישע און נויט־ווענדיגע קאָנזעקווענץ, אָט אויף אַזאַ אופן האָט די קאָלעקט־טיווע און די היסטאָרישע משוגעת, וואָס רופט זיך רעליגיאָן, ענטוויקעלט זיך פון דעם פעטישיזמוס, דורכמאַכענדיג אַלע שטופען פון פאָליטהעאיזמוס (פיל געטעריי) ביז צו דעם קריסטליכען מאָנאָטהעאיזמוס (איינגעטעריי).

דער צווייטער טרעפ אין די ענטוויקלונג פון רעליגיעזע גלויבענס, אָהן צווייפעל דער שווערסטער נאָך דעם, ווי אַ

געטליכע וועלט איז שוין געגרינדעט געוואָרען, איז געווען גראַדע אָט דיזער איבערגאַנג פֿון פּאָליטהעאיזם צום מאָנאָ־טהעאיזם, פֿון דעם רעליגיוזען מאַטעריאַליזמוס פֿון די היידען צו דעם ספּיריטואַליסטישען גלויבען פֿון די קריסטען. די היידנישע געטער—און דאָס איז זייער הויפּט כאַראַקטעריסטיק— זיינען פֿריהער פֿאַר אַלץ געווען אויסשליסליך נאַציאָנאַלע געטער. זעהר פֿיל אין צאָהל, האָבען זיי נויטווענדיגער ווייזע געהאַט אַ מעהר אָדער וועניגער מאַטעריעלען כאַראַקטער: אָדער בעסער געזאָגט, זיי זיינען געווען אַזוי צאָהלרייך, ווייל זיי זיינען געווען מאַטעריעל, ווייל פֿערשידענהייט איז אַ נויטיגע אייגענשאַפֿט פֿון דערווירקליכער וועלט, די היידנישע געטער זיינען נאָך ניט געווען דער שטרענגער געגענזאַץ פֿון די ווירקליכע בעשעפֿענישע. זיי זיינען נור געווען אַ שטאַרקע פֿאַנטאַסטישע איבערטרייבונג.

מיר ווייסען וויפֿיל דיזער איבערגאַנג האָט געקאָסט דעם אידישען פֿאָלק, וועלכער שטעלט מיט זיך פֿאָר, זאָ צו זאָגען, זיין גאַנצע געשיכטע. אומזיסט האָבען משה און די נביאים געפּרעדיגט דעם איינציגען גאָט. דאָס פֿאָלק איז אימער צוריקגעפֿאַלען אין זיין אַלטע געצען־דינעריי, אין דעם אַלטען און פֿיל נאַטירליכערען גלויבען אין עטליכע גוטע געטער, מאַטעריעלע געטער, וואָס האָבען געהאַט אַ ממשות און עפּעס מענשליכעס. יהוה אַליין, זייער איינציגער גאָט, דער גאָט פֿון משה און די נביאים, איז אָבער נאָך אַלץ געווען אַ שטרעג נאַציאָנאַלער גאָט, וואָס האָט נור עקזיסטירט צוליב דעם, אום צו באַלוינען אָדער באַשטראָפֿען זיינע טרייע נאָכפֿאָלגער, זיין אויסערוועהלטעס פֿאָלק, מיט מאַטעריעלע אַרגומענטען, אָפֿט זעהר נאַרישע און אימער גראָבע און גרויזאַמע. מע זעהט אויך גאָר ניט אַרויס, דאָס דער גלויבען אין זיין עקזיסטענץ זאָל מיינען די אָבלייקענונג פֿון די עקזיסטענץ פֿון די פֿריהערע געטער. דער אידישער גאָט האָט ניט אָבגעלייקענט

די עקזיסטענץ פון דיזע קאָנקורענטען, ער האָט נור איינפאַך ניט געוועלט, אַז זיין אויסערוועהלטעס פאָלק זאָל דינען צו זיי, אַזוי ווי איהם. יעהאָוואַ איז געווען אַן אויפערזיכטיגער גאָט. זיין ערשטער געבאָט איז דיזער:

„איך בין דער הער, דיין גאָט, און דו זאָלסט ניט האָבען קיין אַנדערע געטער געגען מיר".

יעהאָוואַ איז דאַן בלויז געווען די ערשטע פראָבע, אַ מאַטעריעלע און זעהר ניט געלונגענע, פון דעם מאָדערנעם אידעאַליזמוס. נאָך מעהר, ער איז געווען בלויז אַ נאַציאָנאַלער גאָט. דער העכסטער וועזען אָבער קען ניט זיין בלויז נאַ־ציאָנאַל. ער מוז זיין דער גאָט פון דער גאַנצער מענשהייט. דער „אויבערשטער" קען אויך ניט זיין אַ מאַטעריעלעס וועזען; ער מוז זיין דער געגענזאַץ פון יעדען שטאָף, ער מוז זיין ריינער גייסט. צוויי זאַכען האָבען זיך אַרויסגעשטעלט צו זיין זעהר נויטיג פאַר די פערווירקליכונג פון די פערגייסטערונג פון דיזען „אויבערשטען": ערשטענס, דאָס עס זאָל זיך ביל־דען די מענשהייט אין געגענזאַץ, צו די נאַציאָנען און די נאַציאָנאַלע גלויבענס, און צווייטענס, אַן ענטוויקלונג װעלכע זאָל שוין זיין שטאַרק פאָרטגעשריטען, פון מעטאַפיזישע אי־דעען, אום צו פערגייסטיגען דעם גראָבען מאַטעריעלען גאָט פון די אידען.

די ערשטע בעדינגונג איז אויסגעפיהרט געוואָרען פון די רוימער דערמיט, וואָס זיי האָבען איינגענומען די מייסטע פון די לענדער, וואָס זיינען געווען בעקאַנט דער אַלטער וועלט און האָבען פערניכטעט זייערע נאַציאָנאַלע איינריכטונגען. זיי דאַרפען מיר עס דאַנקען פאַר די אויפריכטונג פון אַ מזבח פאַר דעם איינציגען און אַלערהעכסטען גאָט אויף די רואינען פון טויזענדע אַנדערע מזבחות. די געטער פון אַלע באַזיגטע נאַציאָנען, צוזאַמענגעקליבען אין איין פלאַץ, האָבען געגענזייטיג פערניכטעט איינע די אַנדערע. וואָס אָנבעלאַנגט די צווייטע בעדינגונג, די פערגייסטיגונג פון דעם

אידישען גאָט, דאָס איז פערווירקליכט געוואָרען פון די גריכען, נאָך פיל פריהער איידער זיי זייענען בעזיגט געוואָרען פון די רוימער. גריכענלאַנד, שוין ביי דעם אָנפאַנג פון איהר געשיכטע, האָט פון די מזרח=לענדער אויפגענומען אַ געטליכע וועלט, וועלכע איז געווען פעסט איינגעוואָרצעלט אין דעם טראַדיציאָנעלען גלויבען פון זייערע פעלקער. אין יענע פאָרהיסטאָרישער פעריאָדע, האָט זי ענטוויקעלט און שטאַרק פערמענשליכט דורך איהרע פאָעטען דיזע געטליכע וועלט. און ווען גריכענלאַנד האָט ווירקליך אָנגעפאַנגען צו לעבען איהר היסטאָרישען לעבען, האָט זי שוין דאַן געהאַט אַ פאַרטיגע רעליגיאָן, די סימפאַטישסטע און נאָבעלסטע פון אַלע רעליגיאָנען, וואָס האָבען אַמאָל עקזיסטירט, אַזוי ווייט, ווי אַ רעליגיאָן — דאָס הייסט אַ ליגען — קען זיין נאָבעל און סימפאַטיש. איהרע גרויסע דיינקער — און קיין לאַנד האָט ניט געהאַט קיין גרעסערע פון גריכענלאַנד — האָבען געפונען די געטליכע וועלט פעסט-געשטעלט, ניט נור אין דעם האַרצען און געדאַנק פון פאָלק, נור אויך אין זיך זעלבסט, אַלס אַ געוואָנהייט פון פיהלען און דענקען, און נאַטירליך האָבען זיי עס בעטראַכט אַלס אַן אויסגאַנגס פונקט, אַלס איינעם, איבער וועלכען מען דאַרף שוין גאָרניט טראַכטען און דיסקוטירען. אין זייערע פילאָזאָפּיען האָבען זיי געלאָזען זייערע געטער אין גאַנצען אָן אַ זייט, און האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן די געטליכע אידעע, איין אונזיכטבאַר, אַלמעכטיג, אייביג, אַבסאָלוטער און אונפערזענליכער גייסט. די גריכישע מעטאַפיזיקער אַלזאָ, פיל מעהר ווי די אידען, זיינען געווען די בעשעפער פון דעם קריסטליכען גאָט. די האָבען נור צוגעלייגט צו איהר די ברוטאַלע פערזענליכקייט פון זייער יהוה.

דאָס אַזאַ גרויסער געניוס, ווי דער געטליכער פלאַטאָ זאָל זיין אַבסאָלוט איבערצייגט פון די ווירקליכקייט פון אַ געטליכע אידעע, צייגט אונז, ווי אָנשטעקענד, ווי אַלמעכטיג

זי איז, די טראַדיציאָן פון דער רעליגיעזער משוגעת אפילו אויף די גייסט־רייכע מענשען. אויסער דעם דאַרפען מיר ניט זיין ערשטוינט איבער דעם, ווייל זאָגאַר אין אונזער צייט האָט דער גרעסטער פילאָזאָפישער געניוס העגעל, פּרובירט אויפצוריכטען אויף זייער הימעלשען טהראָן, די רעליגיעזע אידעען, וועלכע קאַנט האָט פערניכטעט, אונגליקליכער ווייזע, מיט אַ קריטיק ניט קיין זעהר פאָלקאָמענע און אַ צו דונקעלע. עס איז אמת, דאָס העגעל מיט זיין אַרבייט האָט אויסגעפיהרט פונקט דאָס ענטגעגענגעזעצטע, וואָס ער האָט געוואָלט. ער האָט געטויטעט דעם גוטען גאָט אויף דעם גרינדליכסטען אופן. ער האָט אַוועקגענומען פון דיזע אידעען זייער געטליכקייט, בעווייזענדיג, אַז זיי זיינען קיין מאָל ניט געווען עטוואָס אַנדערעס, ווי די באַשעפעניסע פון דעם מענשליכען געדאַנק, וואָס לויפט דורך די געשיכטע, זוכענדיג זיך זעלבסט. אום צו מאַכען אַן ענדע צו אַלע רעליגיעזע משוגעת׳ן, האָט ער נור דאָס פערפעהלט, דאָס ער האָט דיזען געדאַנק ניט אויסגעדריקט אין שאַרפע ווערטער, וועלכע זיינען געזאָגט געוואָרען שפּעטער כמעט אין איין און דער־זעלבער צייט פון צוויי מענער, וועלכע האָבען קיינמאָל ניט געהערט איינער פון צווייטען — לודוויג פייערבאַך, דער שילער און פערניכטער פון העגעל און אָגוסט קאַנט דער גרינדער פון די פּאָזיטיווע פילאָזאָפיע פון פראַנקרייך.

אויף אַזאַ אופן זיינען דער פערזענליכער און גראָבער עגאָאיזמוס פון דעם אידעשען יהוה, די ניט ווייניגער ברוטאַלע און גראָבע הערשאַפט פון די רוימער און די מעטאַפיזישע אידעאַלע ספּעקולאַציאָנען פון די גריכען, פאַרמישט מיט דעם מאַטעריאַליזמוס פון די מזרח לענדער, געווען די דריי היסטאָרישע עלעמענטען, וועלכע האָבען געבילדעט די ספּיריטואַליסטישע רעליגיאָן פון די קריסטען.

אַ גאָט, וואָס ווערט אויפגעהויבען איבער די נאַציאָנאַלע

פֿערשידענהייט פֿון אַלע לענדער און איז אין אַ געוויסען זין די דירעקטע אָבלייקענונג פֿון זיי, מוז נויטווענדיגער ווייזע זיין אַ גייסטיגער, אַן אַבסטראַקטער וועזען. אָבער, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, דער גלויבען אין דער עקזיסטענץ פֿון אַזאַ וועזען — אַ זעהר שווערע זאַך — האָט ניט געקאָנט ווערען פּלוצלינג, מיט איין מאָהל. ער האָט געמוזט דורכגעהן אַ לאַנגען גאַנג פֿון פֿאָרבערייטונגען און ענטוויקלונג אין די הענד פֿון די גריכישע מעטעפֿיזיקער, וועלכע זיינען געווען די ערשטע פֿעסטצושטעלען דעם בעגריף פֿון אַ געטליכע אידעע. די געטליכקייט, וואָס איז בעגריפֿען און בעשאַפֿען געוואָרען פֿון די גריכען איז געווען אַן אונפּערזענליכע געטליכקייט. דער לאַגישער און ערנסטער מעטאַפֿיזיקער, ניט זייענדיג פֿעהיג צו בעגרייפֿען אַ פּערזענליכען גאָט, האָט געפֿיהלט זיך געצוואונגען פֿאָרצושטעלען זיך אַ גאָט, וואָס זאָל זיין איינס און דריי צו דערזעלבער צייט. ער איז געפֿונען געוואָרען אין דעם ברוטאַלען זעלבסט־זיכטיגען גרויזאַמען יעהאָוואַ, דעם נאַציאָנאַלען גאָט פֿון די אידען. די אידען אָבער, טראָץ דעם אויסשליסליכען נאַציאָנאַלען גייסט, וואָס אונטערשיידעט זיי פֿון אַנדערע נאַציאָנען זאָגאַר אין אונזערע צייטען, זיינען געוואָרען אין דער ווירקליכקייט נאָך פֿיל פֿריהער, ווי קריסטוס איז געבאָרען געוואָרען דאָס אינטערנאַציאָנאַלסטע פֿאָלק פֿון דער וועלט. אייניגע פֿון זיי אַלס געפֿאַנגענע, אָבער פֿיל מעהר אָנגעטריבען פֿון זייער ליידענשאַפֿט צום האנדעל, וואָס איז אַ הויפּט־צוג פֿון זייער כאַראַקטער, האָבען זיי זיך צושפּרייט אין אַלע לענדער, איבעראַל מיטבריינגענדיג מיט זיך די פֿאַרגעטערונג פֿון זייער יהוה, צו וועמען זיי זיינען געוואָרען אַלץ טרייער, וואָס מעהר ער האָט זיי פֿערלאָזען.

אין אַלעקסאַנדריע האָט דער שרעקליכער גאָט פֿון די אידען געמאַכט בעקאַנטשאַפֿט מיט די מעטאַפֿיזישע געטליכקייט פֿון פּלאַטאָ, ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט, און פֿון דיזע חתונה איז געבאָרען געוואָרען דער גאָט פֿון די קריסטען.

אום צו פֿעראייניגען דיזע עלעמענטען און זיי מאַכען פֿרוכט־באַר, איז געווען נייטהוענדיג אַ לעבעדיגער פֿאַקט, אָהן וועל־כען זיי וואָלטען נאָך פֿערבליבען פֿאַר פֿילע יאָהרהונדערטע אונפֿרוכטבאַרע עלעמענטען; דיזער פֿאַקט האָט ניט געפֿעהלט דעם קריסטענטהום; דאָס איז געוועזען די פּראָפּאַגדע, די מאַרטירערשאַפֿט און דער טויט פֿון קריסט. מיר ווייסען כמעט גאָרניט פֿון דיזע פערזענליכקייט; אַלעס וועגען איהם אין די עוואַנגעליום איז אַזוי ווידערשפּרעכענד און אַזוי פֿאַבעלהאַפֿט, דאָס מיר קענען קוים אויסקלייבען אייניגע ווירקליכע און וויכטיגע כאַראַקטערציגע. אָבער דאָס איז זיכער, דאָס ער איז געווען דער פּריידיגער פֿון די אָרעמע, דער פריינד און טרייסט־ער פֿון די אונגליקליכע, פֿון די אונוויסענדע, פֿון די שקלאַווען און פֿון די פֿרויען. און פֿון די לעצטע איבערהויפּט איז ער גע־ווען זעהר בעליבט. ער האָט פֿערשפּראָכען אייביגען לעבען צו אַלע, וואָס ליידען דאָ אונטען. און די צאָהל פֿון די ליידענדע איז גרויס. נאַטירליך, איז ער אויפֿגעהאַנגען געוואָרען פֿון די פֿאָרשטעהר פֿון די אָפֿיציעלע מאָראַל און עפֿענטליכע אָר־דענונג פֿון יענער צייט. זיינע שילער און די שילער פֿון זיינע שילער איז געלונגען צו פֿערברייטען זיין לעהרע אין אַלע לענדער, וואָס זיינען געווען בעקאַנט צו די אַלטע. איבעראַל זיינען זיי אויפֿגענומען געוואָרען מיט אויסגעשטעלטע אָרעמס פֿון די שקלאַווען און די פֿרויען — די צוויי, וואָס זיינען די מייסטע אונטערדריקט, די מייסטע ליידענדע, און פֿאָלגליך, די מייסטע אונוויסענדע קלאַסע אין דער אַלטער וועלט. פֿאַר פֿילע פּראָזעליטען (גרים) וואָס זיי האָבען געמאַכט אין דער פּריווילעגירטער און געלערנטער וועלט האָבען זיי עס אויך געהאַט צו פֿערדאַנקען דעם איינפֿלוס פֿון די פֿרויען. זייער הויפּט פּראָפּאַגאַנדע האָבען זיי געטריבען צווישען די אונ־גליקליכע, די אונטערדריקטע און ערנידעריגטע.

דאָס איז געווען די ערשטע און וויכטיגסטע רעבעליאָן פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. דער גאַנצער סוד פֿון דעם גרויסען

טריאומפף פון קריסטענטהום איז בעהאַלטען אין דעם פאַקט, דאָס ער האָט אַפּעלירט צו אַ וועלט פון ערנידעריגטע שקלאַווען — ווען ניט דאָס, וואָלט ער געווען פון אַ זעהר קורצען לעבען, ווייל די לעהרע זיינע איז געווען אַ זעהר נאַרישע פון דעם שטאַנדפונקט פון מענשליכען דיינקען, דאָס זי זאָל קענען אַמאָל אָנגענומען ווערען פון דיינקענדע מענער.

ווירקליך, די אונצופרידענהייט מיט'ן דאַמאָלסדיגען לעבען האָט געמוזט זיין זעהר טיף איינגעוואָרצעלט אין די מעשליבע הארץ: דער שמאַכטען האָט געמוסט זיין זעהר גרויס און די אָרעמקייט פון דעם געדאַנק האָט געמוזט זיין אַבסאָלוט, אום צו פאַ־זיכערען י אָננעהמונג פון דעם קריסטליכען אונזין, דעם שרעקליכסטען אונזין פו אַלע אונזינס.

דיזע לעהרע איז ניט נור געווען די אָבלייקענונג פון די אַלע פּאָליטישע סאָציאַלע און רעליגיעזע אינסטיטוציאָנען פון אַלטערטהום, זי איז אויך געווען די אַבסאָלוטע איבערקהעריניש פון דעם מענשליכען פערשטאַנד, פון יעדען מענשליכען דיינקען. דאָס לעבעדיגע וועזען, די ווירקליכע וועלט איז בעטראַכט געוואָרען פון דיזע לעהרע אַלס גאָר ניט, און נור גאָט, דער, וואָס איז איבער אַלע בעגריפע פון רוים און צייט, דיזע אַבסטראַקציאָן פון אַלע אַבסטראַקציאָנען, ער איז דער ווירקליכער, דער אייביגער, דער אַלמעכטיגער וועזען. די גאַנצע ווירקליכע וועלט איז ערקלעהרט אַלס גאָר ניט, און דער אַבסאָלוטער גאָר־ניט ווערט ערקלערט אַלס אַלעס. דער שאָטען ווערט די זאַך און די זאַך גופא פאַרשווינדעט ווי אַ שאָטען.

אַלעס דאָס איז געווען אַ חוצפה און אַן אונזין זאָנדער גלייכען; דאָס איז געווען דער טריאומפף פון דעם גוילבענדען שטומפף־זין איבער דעם געדאַנק; עס איז געווען אין פילע פעלע דיאיראָניע פון אַ געדאַנק, וואָס איז מיד, קאָרומפירט, ענטוישט און צובראָכען אין אַ הערליכע און ערענסטע זוכונג נאָך דער וואַהרייט. דאָס איז געווען די נויטווענדיגקייט צו פערטרייבען

פֿון זיך יעדען געדאַנק און צו ווערען טהיריש אָבגעשטומפּפט, וואָס ווערט אַזוי אָפּט געפֿיהלט פֿון די איינגעמאַטערטע דענקענדע מענשען: „ניט נור גלויב איך אין דאָס אונזיניגע, איך גלויב אין דעם אָט טאַקע דערפֿאַר, ווייל דאָס איז אונזיניג." פּונקט צוליב דעם דענקען פֿילע פֿון אונזערע גרויסע דענקער אין אונזער צייט אין ספּירישואַליזמוס, אין טישען וואָס דרעהען זיך—אָבער וואַרום געהן וויים?— זיי גלויבען נאָך אַלץ אין קריסטענטהום, אין גאָט!

דער גלויבען פֿון דעם אַלטען פּראָלעטאַריאַט, ווי דער פֿון דעם איצטיגען, איז געווען געזונד און איינפֿאַך. די קריסט־ליכע פּראָפּאַגאַנדאַ האָט אַפּעלירט צו זיין האַרץ, ניט צו זיין געדאַנק; צו זיינע אייביגע שטרעבונגען, זיינע בעדירפֿניסע, זיינע ליידען, זיין שקלאַפֿעריי, ניט צו זיין פֿערשטאַנד, וואָס האָט נאָך געשלאָפֿען און האָט גאָר דאַרום ניט געקאָנט וויסען איבער די לאָגישע ווידערשפּריכע און די בעווייזע פֿון דאָס אַבסאָלוטע. ער איז געווען נור פֿאַראינטערעסירט צו וויסען, ווען עס וועט שוין קומען די פֿערשפּראָכענע שטונדע פֿון בעפֿרייאונג, ווען די קעניגרייך פֿון גאָט וועט קומען. וואָס אַנבעלאַנגט צו די טהעאָלאָגישע גרונדזעצע, האָט ער זיך גאָר ניט פֿיל געבראָכען דעם קאָפּ איבער דעם, ווייל ער האָט אין דעם גאָרניט פֿערשטאַנען. דער פּראָלטאַריאַט, בע־קערט צום קריסטענטהום, האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט זיין מאַטעריעלע אָבער ניט זיין גייסטיגע מאַכט.

וואָס אַנבעלאַנגט די קריסטליכע דאָגמעס, זיינען זיי אויס־געארבייט געוואָרען אין אַ רייהע פֿון טהעאָלאָגישע און ליטעראַרישע ווערק און די קאָנסיליומס. דער גריכישער גע־דאַנק איז געוואָרען אַזוי נידעריג, דאָס אין דעם זיבעטען יאָהרהונדערט איז אָנגענומען געוואָרען פֿון די קירכען־פֿע־טער איינשטימיג די אידעע פֿון אַ פּערזענליכען גאָט, ריין, אייביג, אַבסאָלוט, דער באַשעפֿער פֿון אַלעס, וואָס עקזיס־טירט אויסער אונז. אַלס אַ לאָגישע קאָנזעקווענץ פֿון דיזען

אַבסאָלוטען אונזין, איז עס געוואָרען נאַטירליך און נויטווענדיג צו גלויבען אין די גייסטיגקייט און אונשטערבליכקייט פֿון דער מענשליכער זעלע. מיר זעהען, ווי שווער עס איז געווען אפילו פֿאַר די קירכען־פֿעטער צו בעגרייפֿען דעם ריינעם געדאַנק אויסער דער מאַטעריע. און מע דאַרף נאָך צולייגען דאָס, געוועהנליך, איז דאָס דער כאַראַקטער פֿון יעדען מעטאַפֿיזישען און טהעאָלאָגישען אַרגומענט צו זוכען צו ערקלערען איין נאַרישקייט דורך אַ צווייטע.

עס איז געווען אַ גליק פֿאַר דאָס קריסטענטהום, דאָס ער האָט אָנגעטראָפֿען אַ וועלט מיט שקלאַווען. ער האָט געהאַט נאָך אַ שטיק גליק מיט דעם אָנקומען פֿון די באַרבאַרען, וועלכע זיינען געווען גאַנץ גלייכגילטיג צו אַלע מעטאַפֿיזישע און טהעאָלאָגישע פֿראַגען. איינמאָל האָט מען גובר געווען זייער ערשטען ווידערווילען, איז שוין דאַן געווען לייכט צו מאַכען זיי טהעאָרעטיש פֿאַר קריסטען. פֿאַר גאַנצע טויזענד יאָהר האָט דער קריסטענטהום, בעוואַפֿענט מיט די אַלמעכטיגקייט פֿון קירכע און שטאַט, און ניט זייענדיג בעקעמפֿט פֿון קיינעם, אויסגעפֿיהרט צו ערנידעריגען, פֿערדאַרבען און פֿערקרימען דעם געדאַנק פֿון אייראָפּאַ. ער האָט ניט געהאַט קיינע קאָנקורענטען, ווייל אויסער דער קירכע זיינען ניט געווען ניט קיין דיינקער און ניט קיין געבילדעטע מענשען; נור די קירכע אַליין האָט געדיינקט, זי אַליין האָט גערעט און געשריבען, זי אַליין האָט געלערענט אַלע אַנדערע, כאָטש אַפּיקורסים האָבען זיך געיאַוועטפֿון צייט צו צייט אין איהר אייגענעם בוזים, אָבער דאָס איז נור געווען געגען די אַנווענדונג פֿון דער דאָגמאַ, אָבער קיינמאָל ניט געגען די דאָגמאַ זעלבסט. דער גלויבען אין גאָט, ריינעם גייסט און דעם בעשעפֿער פֿון דער וועלט און דער גלויבען אין דער אונשטערבליכקייט פֿון דער זעלע איז געבליבען אונבעריהרט. דיזער דאָפּעלטער גלויבען איז געוואָרען דער אידעאַלער פֿונדאַמענט פֿון די גאַנצע אייראָפּאיאישע צוויליזאַציאָן, ער האָט דורכגעדרו־

נגען אַלע אינסטיטוציאָנען, אַלע איינצעלהייטען פֿון דעם עפֿענטליכען און פּריוואַטען לעבען פֿון די קלאַסען און די מאַסען. אין דיזע איז ער געוואָרען, זאָ צו זאָגען, איינגעוואָרצעלט.

נאָך דעם אַלעם איז עס אַ וואונדער, דאָס דיזער גלויבען לעבט נאָך ביז היינטיגען טאָג און האָט נאָך זיין שענדליכען איינפֿלוס זאָגאַר אויף אַזעלכע דיינקער, ווי מאַדזיני, מישלע און פֿילע אַנדערע? די ערשטע אַטאַקע אויף דעם גלויבען איז געקומען פֿון דעם אויפֿלעבען פֿון דעם פֿרייען געדאַנק אין דעם פֿונפֿצעהנטען יאָהרהונדערט, וועלכער האָט בעשאַפֿען אַזעלכע העלדען און מאַרטירער, ווי וואַניני, גיאָרדאַנאָ ברונאָ און גאַלי־לעי. כאָטש דערטרונקען אין דעם געררויש און די ליידענשאַפֿטען פֿון די רעפֿאָרמאַציאָן, דאָך האָט ער פֿאָרטגעזעצט זיין שטילע אַרבייט, איבערלאָזענדיג זיין אויפֿגאַבע צו די נאָבעלסטע מענער פֿון יעדען דור די בעפֿרייאונג פֿון דער מענשהייט דורך די פֿערניכטונג פֿון דאָס אונזיניגע. דיזע אַרבייט פֿון געדאַנק איז זיך אָנגעגאַנגען גאַנץ שטיל, ביז ענדליך אין די שפּעטערע העלפֿט פֿון דעם 18טען יאהרהונדערט איז ער ווידער ער־שינען אין דעם ברייטען העלען ליכט פֿון טאָג, מוטהיג פֿונ־אַנדערוויקלענדיג דעם פֿלאַג פֿון אַטהעאיזמוס און מאַטער־יאַליזמוס. מע האָט האַן געקענט דיינקען, דאָס ענדליך געהט שוין דער מענשליכער געדאַנק זיך בעפֿרייען פֿון דעם רעלי־גיעזען וואהנזין, אָבער ניין! די פֿאַלשקייט פֿון וועלכע די מענשהייט איז בעשווינדעלט געוואָרען פֿאַר אַזאַ לאַנגע צייט, האָט זיך נאָך א מאָל געצייגט מעכטיגער, ווי די וואהרהייט. ניט זייענדיג מעהר פֿעהיג זיך צו העלפֿען דורך די קאַטויר־לישע און פּראָטעסטאַנטישע פּריסטער, צו וועמען מע האָט פֿאַרלאָרען יעדען צוטרויען, האָט זי זיך באַנוצט מיט פּריוואַט מנעשען, מיט קורץ געקליידעטע ליגנער און סאָפֿיסטען, צווישען וועלכע די הויפּט ראָלען האָבען געשפּילט צוויי מענש־ען, איינער, דער קרומסטער קאָפּ פֿון 18טען יאָהרהונדערט, דער אַנדער ר — דער דעספּאָטישסטער כאַראַקטער פֿון זיין

צייט — איך רייד דאָ פֿון זשאַן זשאַק רוסאָ און ראָבעספיער האָבענדיג געהערט דעם ווערמעל פֿון וואָלטער, דאָס אויב גאָט וואָלט ניט עקזיסטירט, וואָלט ערשט נויטיג געווען אידם אויסצוטראַכטען, האָט רוסאָ ווירקליך אויסגעטראַכט אַ העכסטען וועזען. דעם אַבסטראַקטען און אינהאַלטסלאָזען גאָט פֿון די דעאיסטען. און אין דעם נאָמען פֿון דיזען העכסטען וועזען, האָט ראָבעספיער גילאָטינירט פֿריהער די העבער־טיסטען און דאַן דעם געניוס פֿון דער רעוואָלוציאָן, דאַנטאָן, אין וועמעס פערזאָן ער האָט ערמאָרדעט די רעפּובליק, אַזוי מאַכענדיג אַ וועג פֿאַר דעם נויטווענדיג געוואָרענעם טריאומפף פֿון נאַפּאָלעאָנס דיקטאַטור.

נאָך דעם האָט דער אידעאַליזמוס געזוכט און געפֿונען קנעכט, וועניגער פֿאַנאַטישע, וועניגער שרעקליכע, וואָס האָבען זיך געפּאַסט בעסער צו דעם פֿאַרקלענערטען סאַיז פֿון דער ווירקליכער בורזשואַזיע. אין פֿראַנקרייך זיינען דאָס געווען שאַטאָבריאַן, לאַמאַרטין און — מע מוז אויך צולייגען — וויקטאָר הוגאָ. און נאָך זיי די גאַנצע חברה פֿון אָרעמע מוחות, וועלכע האָבען אונטער די לייטונג פֿון די מייסטער עטאַבעלירט די מאָדערנע ראָמאַנטישע שולע. אין דייטשלאַנד זיינען דאָס געווען די שלעגעלס, די טיקס און פילע אַנדערע, וועמעס נעמען פֿאַרדינען גאָרניט דערמאָנט צו ווערען.

די ליטעראַטור וואָס איז בעשאַפֿען געוואָרען פֿון דיזע שולע, איז געווען די מלוכה פֿון גייסטער און שאָטענס. זי האָט ניט געקאָנט פֿערטראָגען דעם זונען־שיין. נור אין דאָס דונקעל־האַפֿטע האָט זי געקאָנט לעבען. זי האָט אויך ניט געקאָנט פֿאַרטראָגען דעם ברוטאַלען צוזאַמענשטויס מיט די מאַסען. דאָס איז געווען די ליטעראַטור פֿון די דעליקאַטנע, עלעגאַנטע אַריסטאָקראַטען, וועלכע האָבען געשטרעבט צום הימעל אַלס צו זייער פֿאָטערלאַנד, און האָבען געלעבט אויף דיזער וועלט טראָץ זייער ווילען.

דיזע ליטעראַטור האָט פֿעראַכטעט און געשראָקען זיך פֿאַר

די פּאָליטיק און פֿראַגען פֿון זייער צייט. און ווען זי האָט שוין זיי יאַ אַמאָל באַריהרט, האָט זי זיך אַרויסגעצייגט רעאַקציאָנער, האָט אימער געהאַלטען מיט דער קירכע געגען די פֿריידיינקער, מיט די הערשער געגען פֿאָלק און מיט דער אַריסטאָקראַטיע געגען די פּראָסטע מענשען פֿון גאַס.

אום צו פֿערשטעהן די ראָמאַנטישע ליטעראַטור, מוז די אורזאַכע פֿון איהר עקזיסטענץ געזוכט ווערען אין די אומענדערונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען מיט דער בורזשואַזיע זייט דער רעוואָלוציאָן פֿון 1793. פֿון דעם פֿונפֿצעהנטען יאָהרהונדערט ביז דער רעוואָלוציאָן איז די בורזשואַזיע ווירקליך געוועזען דער העלד און דער פֿאָרשטעהער פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט. פֿון איהר מיטע זיינען אַרויסגעקומען די מייסטע פֿריידיינקער פֿון דעם 18טען יאָהרהונדערט. די רעליגיעזע רעפֿאָרמער פֿון די צוויי פֿריהעריגע יאָהרהונדערטע און די פּרעדיגער פֿון מענשליכע בעפֿרייאונג. זי אַליין, נאַטירליך אונטערשטיצט פֿון דעם מעכטיגען אָרעם פֿון פֿאָלק, האָט געמאכט די רעוואָלוציאָן פֿון 1789 און 1793. זי האָט פּראָקלאַמירט די פֿערניכטונג פֿון קעניגטהום און קירכע, און אויף זייער פּלאַץ האָט זי אויפֿגעשטעלט די ברידערליכקייט פֿון די פֿעלקער, די רעכטע פֿון מענשען און פֿון דעם בירגער. דערפֿאַר האָט זי פֿאַרדינט איהר רעכט צו בלייבען אונשטערבליך. באַלד אָבער איז פֿאָרגעקומען אַ שפּאַטונג אין איהרע אייגענע רייהען. אַ בעטראַכטליכער טהייל פֿון די, וואָס האָבען אָבגעקויפֿט נאַציאָנאַלע אייגענטהום, ווערענדיג רייך, און ניט מעהר געברויכענדיג די אונטערשטיצונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט פֿון די שטעט נור פֿון די בויערען פֿון לאַנד, האָבען קיין אַנדער שטרעבען ניט געהאַט, ווי נור פֿאַר פֿרידען, פֿאַר די צוריקקערונג פֿון די עפֿענטליכע אָרדנונג און רוהע, און פֿאַר די גרינדונג פֿון אַ שטאַרקע רעגירונג. דאַרום האָט זי אויפֿגענומען מיט פֿרייד די דיקטאַטור פֿון דעם ערשטען נאַפּאָליאָן, און חאָטש זי איז נאַך

אַלץ געווען פֿריידיינקעריש, דאָך האָט איהר ניט שטאַרק גע־האַרט פֿאַר די צוריק־איינפֿיהרונג פֿון אַן אָפֿיציעלע רעליגיאָן אין פֿראַנקרייך. „רעליגיאָן איז דאָך אַזוי נויטיג פֿאַר'ן פֿאָלק!" דאָס האָט געמיינט, ווייענדיג אַליין זאַט, מוזען מיר האָבען אַ רעליגיאָן, וועלכע זאָל צוריק־האַלטען און שטיל מאַכען דעם אובאַפֿרידיגטען הונגער פֿון פֿאָלק מיט דעם פֿאַרשפּרע־כען פֿון די דימעלשע מאַניע.

דאַן איז נאַפּאָליאָן געפֿאַלען. די רעסטאָראַציאָן האָט צוריק געבראַכט צו פֿראַנקרייך די געזעצליכע מאָנאַרכיע, דיזע רעאַקציאָן האָט ווידער געצוואונגען די בורזשואַזיע צו אַ רעוואָלוציאָן, און מיט דעם גייסט פֿון רעוואָלוציאָן איז אויך צוריק געקומען דער גייסט פֿון צווייפֿעל. זי האָט ווידער אָנגעהויבען צו לעזען די שריפֿטען פֿון וואָלטער. דיזע רע־וואָלוציאָן האָט געהאַט דעם רעזולטאַט, דאָס זי האָט גע־מאַכט דעם בורזשואַ פֿאַר אַן אַריסטאָקראַט.

אין 1830 האָט די רייכע בורזשואַזיע גענצליך פֿערנומען דעם פּלאַץ פֿון דעם אַלטען אַדעל. זי האָט זיך אָנגעהויבען פֿיהלען רעליגיעז. און דאָס איז ניט געווען פֿון איהר זייט בלויז אַ נאָכאַהמונג פֿון אַריסטאָקראַטישע פֿיהרונגען, ניין, דאָס איז געווען אַ נויטווענדיגקייט פֿאַר די ראָלע אין דער געזעלשאַפֿט, וועלכע זי האָט איצט געשפּילט. דער פּראָלע־טאַריאַט האָט געהאָלפֿען אין די אומשטירצונג פֿון דעם אַדעל. און ווען דער פּראָלעטאַריאַט האָט שוין זיין אַרבייט אָבגע־טהאָן, איז ביי דער בורזשואַזיע געווען איצט די פֿראַגע, ווי אַזוי צו האַלטען דעם פּראָלעטאַריאַט אויף זיין אַלטען פּלאַץ — אויף הינטען.

וואָס אונגערעכטער און אונמענשליכער אַ געוויסע טהאַט איז, דאָס מעהר נויטיגט זי זיך אין פֿערהייליגונג; און נון, וואו געפֿינט מען אַזאַ הסכמה, אויב ניט אין דער רע־ליגיאָן, דיזע אייביגע און גוטע בעשיצערען פֿון אַלע זאַטע, און די ניצליכע טרייסטערין פֿון די הונגעריגע? און מעהר,

ווי ווען עס איז, האָט די טריאומפּפירענדע בורזשואַזיע דער־זעהן, דאָס רעליגיאָן איז נויטווענדיג פאַר'ן פאָלק.

עס זיינען נור דאָ צוויי אופנים אום צו איבערצייגען די מאַסען איבער די גוטקייט פון אירגענד װעלכע געזעלשאַפט־ליכע איינריכטונג. דער ערשטער אופן, דער איינציגער ריכטיגער, אָבער אויך דער שווערסטער אָנצונעהמען, איז די דירעקטע און פאָלשטענדיגע בעפרידיגונג פון די אַלע בעדירפניסע און שטרעבונגען פון פאָלק, וואָס דאָס איז אייגענ־טליך איינס און דאָס זעלבע, ווי צו מאַכען אונמעגליך די עקזיסטענץ פון די בורזשואַזיע, וואָס דאָס איז ווידער גלייך בעדייטענד מיט די פערניכטונג פון שטאַט. דער אַנדערער וועג וועלכער איז פערקעהרט זעהר שעדליך פאַר'ן פאָלק, אָבער דערפאַר א גליק פאַר די בורזשואַזיע, איז קיין אַנדער־ער, ווי די רעליגיאָן. דאָס איז דער אייביגער חלום, וואָס שלעפּט אַוועק די מאַסען צו זוכען געטליכע אוצרות, וועהר־ענד די רעגירענדע קלאַסען לאָזען זיך צופרידען שטעלען מיט די עלעדע זאַכען פון דיזער ערד, בארויבענדיג דאָס פאָלק פון זייער פראַצע און זייערע פּאָליטישע און סאָציאַלע פרייהייטען.

עס איז ניטאָ און עס קען ניט זיין אַ שטאַט אָהן רעליגי־אָן. נעהמט די פרייעסטע שטאַטען אין דער וועלט — די פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ און די שווייץ צום ביישפּיל—און זעהט, וואָס פאַר אַ וויכטיגע ראָלע די רעליגיאָן שפּילט דאָרט אין אַלע אָפיציעלע פונקציאָנען פון שטאַט. דאַריבער ווען נור א הערשער רעט פון גאָט, זאָל עס זיין דער אימפּעראַטאָר פון דייטשלאַנד אָדער דער פּרעזידענט פון אַ רעפּובליק, זייט זיכער, דאָס ער מאַכט פּאָרברייטונגען צו שינדען די הויט פון זיין מענשען־סטאַדע.

אַזוי האָט די פראַנצויזישע ליבעראַלע און וואָלטעראַנישע בורזשואַזיע, באַטש געטריבען פון איהר טעמפּעראַמענט צום פּאָזיטיוויזמוס, ווי זי איז נור געוואָרען אַ הערשערין, האָט

זי באַלד זיך געמאַכט אַ שטאַטס רעליגיאָן. צוריקקהערען זיך צום קאַטהאָליציזמוס איז געווען אונמעגליך, צוליב דעם ווידערשפרוך, וועלכער צושיידעט די שטענדיגע פּאָליטיק פון רוים פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסען פון דער מיטעל קלאַס. אין דיזען הינזיכט איז דער פּראָטעסטאַנטיזמוס געווען פּאָרטהיילהאַפטער. אָבער עס איז אויך געווען אונמעגליך פאַר די פראַנצויזישע בורזשואַזיע צו ווערען פּראָטעסטאַנטיש. איבערצוגעהן פון איין רעליגיאָן צו די אַנדערע — אומצובייטען ערענסט איין גלויבען אויפן צווייטען — מוז מען דאָך עפּעס גלויבען אין די האַרץ אָבער פון דעם פראַנצויזישען בורזשוא איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר דעם, פאַר'ן גלויבען, ער איז דער גלייכגילטיגסטער מענש צו אַלעם, וואָס באַרירט ניט, ערשטענס, זיין קעשענע, און דאַן זיין נאַרישע גאוה. ער איז פונקט אַזוי גלייכגילטיג צו פּראָטעסטאַנטיזמוס, ווי צום קאַטהאָליציזמוס. עס איז איהם געבליבען נאָך אַ וועג: זיך צוריק צו קערען צו די מענשליכע און רעוואָלוציאָנערע רעליגיאָן פין 18טען יאָהרהונדערט. אָבער דאָס האָט ער ניט געקענט טהאָן אָהנע זיך לעבערליך צו מאַכען און אָהן סקאַנדאַלען. אַזוי איז געבאָרען געוואָרען דער דעאיזמוס. מוטהיג האָט ער ערקלעהרט, דאָס זיין צוועק איז צו מאַכען שלום צווישען דער רעוואָלוציאָן און רעאַקציאָן, צווישען דעם פּרינציפּ פון פרייהייט און דעם פּרינציפּ פון אויטאָריטעט. און נאַטירליך מעהר צום גונסטען פון דעם לעצטען. דיזע שלום-מאַכעריי האָט בעדייטעט: אַ פּאָליטיק — אַ שפּילען זיך מיט די פרייהייט פון פאָלק צו גונסטען די בורזשואַזיע הערשאַפט, וועלכע איז געווען רעפּרעזענטירט פון דעם מאָנאַרכישען און קאָנסטיטוציאָנעלען שטאַט, אין פּאָליטיק האָט עס געמיינט די זעלבסבעוואוסטע אונטערוואַרפונג פון די פרייע פערנונפט צו די פּרינציפּען פון גלויבען.

—:(=):— ענדע —:(=):—

אידיש-שפּרעכענדע אַנאַרכיסטישע פֿעדעראַציאָן.

# דער
# גענעראַל-סטרייק

— און די —

# סאָציאַלע רעוואָלוציאָן.

— פֿון —

וי. ע. פֿריעד נאַכט.



LONDON, APRIL, 1904.



I.

# דער גענעראל־סטרייק אלס קאמפף־מיטעל. וואס איז דער גענעראל־סטרייק.



מאַן דער אַרבייט אויפגעוואַכט
אונד ערקעננע דיינע מאַכט!
אַללע רעדער שטעהען שטילל,
ווען דיין שטאַרקער אַרעם עס וויל.
(געאָרג הערוועג.)

אין פערלויף פון די ווייניגע יאָהרען, אין וועלכע די אַרבייטער בעוועגונג האָט זיך ענטוויקעלט אין די פערשידענע לענדער, ביז וואַנען זי האָט בעקומען איהר געגענווערטיגע מאַכט און בעדייטונג, האָבען זיך די אַנזיכטען איבער די מיטלען און וועגען, דורך וועלכע מען דיינקט צו פערווירקליכען דאָס געמיינשאַפטליכע ציל — די אָבשאַפונג פון דער לוין־שקלאַפעריי און די עקספראָפריאַציאָן פון דער ערד, די מינען, די פאַבריקען און אַלע אַנדערע פראָדוקציאָנס־מיטלען, שוין עטליכע מאָל געענדערט.

די קאַפּיטאַליסטישע אַנזיכט, אַז די בירגערליכע געזעלשאַפט וועט צו גרונדע געהן פון זיך זעלבסט, און דאָס דער סאָציאַליזמוס דאַרף נאָר אָבוואַרטען דעם ריכטיגען אויגענבליק פון דער ענטוויקלונג, אום איבערצונעהמען די ירושה פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, דיזע לעהרע, די זאָגענאַנטע מאַרקסיסטישע, קאַטאַסטראָפען־טהעאָרי, פאַנגט שוין ענדליך אָן צו פערשווינדען און פערלירט ביסלעכווייז איהר אַמאָליגען איינפלוס.

די„ עראָבערונג פֿון דער פּאָליטישער מאַכט" אויף דעם געזעצ-ליכען וועג געדויערט ליידער אַביסעל צו לאַנג און אַזוי זעהען מיר, ווי די אַרבייטער בעוועגונג פֿון די מעהרסטע לענדער רייסט זיך אָב פֿון די אַלטע אַנשויאונגען און מעטהאָדען און זוכט אויסצוגעפֿינען נייע וועגען און מיטלען, אום צו פֿערווירקליכען איהרע בעשטרעבונגען.

וועהרענד די סאָציאַליסטישע פּאָליטיקער רייסען זיך אַרום אין די פֿערשידענע פּאַרלאַמענטען מיט דער רעגירונג, אום אַרויס-צוכאַפּען פֿון איהר קליינע רעפֿאָרמען און געזעצלעך צום שוץ פֿון די אַרבייטער און פֿערשפּרעכען איהר דערפֿאַר אין דערזעלבער צייט זייער אונטערשטיצונג, וועהרענד דעם פֿאַנגט דאָס פּראָלעטאַריאַט ביסלעכווייז אָן צו בעגרייפֿען, אַז די אַרבייטער האָבען אַ בעסערע, מעהר רעוואָלוציאָנערע וואָפֿע אין זייערע הענד, מיט וועלכער זיי זיינען אימשטאַנדע איבער-צוקעהרען די גאַנצע היינטיגע געזעלשאַפֿטס-אָרדנונג.

דיזע וואָפֿע, דיזעס קאַמפֿמיטעל, מיט וועלכען די אַרביי-טער בעשעפֿטיגען זיך אין דער לעצטער צייט אימער מעהר, טראָץ די פֿערלוימדונגען פֿון די געגנער און די דומע, לעכער-ליכע בעמערקונגען פֿון די מעהרסטע פּאָליטישע ארבייטער-פֿיהרער, דיזע וואָפֿע איז דער גענעראַל-סטרייק.

***

עס גיט ווייניג אידעען, איבער וועלכע מען דיסקוטירט אַזוי פֿיל אין דער לעצטער צייט ווי איבער דעם גענעראַל-סטרייק.

דאָס וואָרט גענעראַל-סטרייק קען נאַטירליך אַרויסרופֿען געוויסע מיספֿערשטענדניסע; דען מיר קענען פֿערשטעהן פֿערשידענע זאַכען אונטער דיזען נאָמען; אַזוי רופֿען מיר צ.ב.ש. אַ סטרייק פֿון אַלע מיטגלידער פֿון אַ געוויסע בראַנטש אַרבייטער פֿאַר אַ העכערען לוין אָדער קירצערע אַרבייטס-שטונדען אַ גענעראַל-סטרייק, צ.ב.ש. דער „גענעראַל סטרייק פֿון די קוילען גרעבער", מיר ריידען פֿון דעם גענעראַל-סטרייק אין אַ געוויסע

שטאָדט, צ.ב.ש. דער „גענעראַל־סטרייק פֿון פלאָרענץ", אָדער פֿון דעם גענעראַל־סטרייק אין אַ גאַנצען לאַנד אָדער אַ געוויסע פראָווינץ, אום דורכצופיהרען געוויסע פּאָליטישע רעכטע, צ.ב.ש. די ערָאָבערונג פֿון דעם אַלגעמיינעם וואַהל־רעכט, ווי אין בעלגיען און שוועדען.

די פּראָלעטאַריער אין די ראָמאַנישע לענדער פֿערשטעהען אונטער דעם גענעראַל־סטרייק עטוואָס אַנדערש, זיי פֿערבינדען מיט דיזען וואָרט אַ גאַנצע וועלט־אַנשויאונג, די צושטערונג פֿון דער היינטיגער סאָציאַלער אָרדנונג און די אָרגאַניזאַציאָן פֿון אַ נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט; מיט איין וואָרט, אין די ראָמאַנישע לענדער בעטראַכטעט מען דעם גענעראַל־סטרייק אַלס דעם פּראַקטישען אויסדרוק פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן און מיט דיזער פֿאָרשטעלונג פֿון'ם גענעראַל־סטרייק וועלען מיר זיך בעשעפֿטיגען אין דיזער בראָשורע.

אָבער גראַדע דיזע פֿאָרשטעלונג פֿון דער גענעראַל־סטרייק־אידעע ווערט פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטי בעקעמפֿפֿט מיט דיזעלבע דומע און לעכערליכע אַרגומענטען, מיט וועלכע די בורזשואַזי האָט שטענדיג „ווידערלייגט" דעם סאָציאַליזמוס, פונקט ווי איהרע פֿערטרעטער וואָלטען געהאַט די אַבזיכט, צו בעווייזען זייער פערזענליכע אונוויסענהייט.

„דער גענעראַל־סטרייק איז אַ גענעראַל־וואַהנזין", דאָס איז איינער פֿון די געוועהנליכע אַרגומענטען, מיט וועלכע די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטי וויל אַוועקמאַכען מיט דיזער אידעע. (טראָץ דעם האָט דיזעלבע פּאַרטיי אים אַפּריל 1902 געשיקט 10,000 מאַרק נאָך בעלגיען, אום צו אונטערשטיצען דעם „גענעראַל־וואַהנזין".)

און ווען מען פֿאַנגט שוין ווירקליך אַמאָל אָן צו דיסקוטירען וועגען דער אידעע פֿון אַ גענעראַל־סטרייק, בענוצט מען זיך שטענדיג מיט דעם אַלטען אַרגומענט: „דער גענעראַל־סטרייק איז אַן אוטאָפּיע". איהר וועט קיינמאָל ניט זיין אימשטאַנדע

די פראָלעטאַריער אַזוי גוט צו אָרגאַניזירען, אום אַלע אַרבייטער זאָלען אַוועקלייגען די אַרבייט ווי איין מאַן, און ווען די אַרבייטער זיינען ש ; ווירקליך אַזוי קלאַסען-בעוואוסט און אַזוי מעכטיג אָרגאַניזירט, דאַן דאַרפען זיי ניט מעהר דעם גענעראַל-סטרייק, ווייל זיי האָבען דאַן זאָ ווי זאָ די מאַיאָריטעט און פאָלגליך די מאַכט אין זייערע הענד".

אָבער אַלע דיזע אַרגומענטען האָבען איבערהויפט קיין ווערדע ניט, דען דער ערפאָלג פון אַ גענעראַל-סטרייק איז גאָר ניט אַבהייניגיג פון דער בעדינגונג, דאָס אַלע אַרבייטער זאָלען מיט אַמאָל אַוועקלייגען די אַרבייט.

עס וואָלט גאַנץ געוויס געווען אַ שעהנע זאַך, ווען מען וואָלט די אַרבייטער-מאַסען אויף אַזוי פיל געקענט אויפקלעהרען דאָס אין דעם טאָג, ווען דער גענעראַל-סטרייק זאָל אויס-ברעכען, זאָלען די פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פערלאָזען די פאַבריקען און פעלדער, אום דורך דיזען דעמאָנסטראַט יווע אויסדרוק פון זייער ווילען צו צוברעכען זייערע קייטען. אָבער דיזער אידעאַל, ווי שעהן ער זאָל ניט זיין, איז ער דאָך ניט מעהר ווי אַ חלום.

שטענדיג זיינען עס געווען ענערגישע און בעגייסטערטע מינאָריטעטען, וועלכע האָבען צוערשט רעוואָלטירט געגען די טיראַניי און אונטערדריקונג, און דיזע קליינע צאָהל מענשען האָבען שפּעטער איבערגעטראָגען זייער איניציאַטיווע אויף די גרויסע מאַסען, וועלכע האָבען נאָך ניט דעם מוטה געהאַט צו רעוואָלטירען, אָבוואָהל זיי זיינען ניט צופרידען געווען מיט זייער לאַגע ; אָבער פון דער אונצופרידענהייט ביז צום אויפ-שטאַנד איז נאָך אַ ווייטער וועג. אין אַלע רעוואָלוציאָנען זעהען מיר, ווי דער אַלגעמיינער מוטה פון די מאַסען איז צוערשט אויפגעוועקט געוואָרען פון די קליינע ענערגישע מינאָריטעטען, און זייער ערפאָלג האָט דעם פאָלק געגעבען דעם מוטה צו רעוואָלטירען.

דאָס זעלבע זעהען מיר ביי יעדען סטרייק. יעדער איינער וויס, דאָס די טרייד־יוניאָנס זיינען געוועהנליך נאָר אימשטאַנדע צו אָרגאַניזירען אַ גרעסערע אָדער קלענערע מינאָריטעט אַרבייטער פֿון אַ געוויסען פֿאַך, און דאָך אָרגאַניזירען און פֿיהרען זיי כמעט אימער די סטרייקס און די צום גרויסען טהייל ניט־אָרגאַניזירטע מאַסען. זעהר אָפֿט זעהען מיר, דאָס אַ קליינע מינאָריטעט ארבייטער געהט ארויס אין סטרייק און די אַנדערע אַרבייטער נעהמען ערשט שפּעטער אַן אַנטהייל אין דער בעוועגונג.

אַ קלאַסישעס ביישפּיל פֿאַר דיזע בעהויפּטונג איז געווען דער סטרייק פֿון די אייזענבאַהן־אַרבייטער אין באָסטאָן, וועלכער האָט שטאַטגעפֿונען אין מערץ 1902. צוערשט זיינען 600 מאַן אַרויס אין סטרייק, אָבער אים פֿערלויף פֿון איינינע טעג איז די צאָהל פֿון די סטרייקערס געוואַקסען אויף 30,000.

זעהר אָפֿט שליסען זיך אָן אין פֿערלויף פֿון אַ סטרייק פֿערוואַנדטע צווייגען און אינדוסטריען, אַזוי ווערט די בעוועגונג פֿערשפּרייט אויף ווייטערע געביטע פֿון דער אינדוסטרי, דען דער סטרייק האָט אַ היפּנאָטיזירענדע אַנציהונגסקראַפֿט אויף די מאַסען.

פֿאַר די אַנהיינגער און פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון'ם גענעראַל־סטרייק, אַזוי ווי די פֿראַנצויזישע און שפּאַנישע אַרבייטער בעגרייפֿען איהם, האַנדעלט עס זיך אַלזאָ וויינינגער, דאָס אַלע אַרבייטער זאָלען גלייכצייטיג אַוועקלייגען די ארבייט, נייך, די הויפּטזאַכע איז, **דאס יעדע פראדוקציאן, אלע פערבינדונגען און די קאנסומציאן פאר די העד־שענדע קלאסע זאל אבגעשטעלט ווערען אין גאנצען לאנד מיט אלע מיטלען און צוואר אויף אזוי פיל צייט, ווי עס איז נויטהיג צו דעד־ארגאניזירען דעם קאפיטאליסטישען געזעל־**

שאַפּטס־מעכאַניזמוס; נאָכדעם וועט דאָס פּראָלעטאַריאַט דורך זיינע געווערקשאַפטען צונעהמען אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, די מינען, די הייזער, די פאַבריקען, די ערד, מיט איין וואָרט, די גאַנצע עקאָנאָמישע מאַכט.



II.

## דער פערלויף פון'ם גענעראַל־סטרייק.

צוערשט איז נויטווענדיג אָנצופיהרען אַ גוטע פּראָפּאַגאַנדאַ, אום די מאַסען און אָרגאַניזאַציאָנען בעקאַנט צו מאַכען מיט דער אידעע פון'ם גענעראַל־סטרייק. נאָכדעם ווי דיזע אידעע איז גענוג פערשפּרייט געוואָרען צווישען די פּראָלעטאַריער און די אומשטענדע זיינען גינסטיג פאַר דעם אַלגעמיינען סטרייק, ערקלעהרען אַלע טרייד־יוניאָנס — וועלכע האָבען די ספּעציעלע אויפגאַבע צו פּראָפּאַגאַנדירען דיזע אידעע — דעם גענעראַל־סטרייק פאַר זייערע רעספּעקטיווע טריידס. די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער ווערען באַלד מיט אַריינגעריסען אין די בעוועגונג און אַזוי ענטשטעהט דער גענעראַל־סטרייק פון'ם פּראָלעטאַריאַט.

אין 1902 האָבען מיר געזעהן אין בעלגיען, ווי 350,000 מאַן האָבען אין פערלויף פון איינינע טעג אַוועקגעלייגט די אַרבייט, פאָלגענדיג דעם געמיינשאַפטליכען בעשלוס פון די טרייד־יוניאָנס.

די מאָדערנע אינדוסטרי מיט איהרע קאָמפּליצירטע איינ־ריכטונגען און דער אונגלויבליכער צוטהיילונג פון דער אַרבייט, איז ווי געוואונשען פאַר אַ גענעראַל־סטרייק. אַ קליינע און

ענטשלאָסענע מינאָריטעט איז גאַנץ גוט אימשטאַנדע אָבצור־שטעלען די טהעטיגקייט פֿון די צווייגען אין דער פּראָדוקציאָן, וועלכע זיינען הויפּטזעכליך נויטווענדיג פֿאַר דאָס לעבען און די עקזיסטענץ פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט.

עס וואָלט צ.ב.ש. גאָר ניט אויסגעמאַכט, ווען אַלע דיאַמאַנטען־שלייפֿער, גאָלד־אַרבייטער, א.ז.וו. וואָלטען פֿאָרטגעזעצט זייערע פּראָדוקטיווע טהעטיגקייטען אין דער צייט פֿון אַ גענעראַל־סטרייק, דען ווי מיר האָבען שוין פֿריהער בעמערקט, האַנדעלט עס זיך הויפּטזעכליך אָבצושטעלען די טהעטיגקייט פֿון די יעניגע אינדוסטרי־צווייגען, וועלכע זיינען אונבעדינגט נויט־ווענדיג פֿאַר די עקזיסטענץ פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט.

די נויטווענדיגסטע פּראָדוקטען געהען זעהר אָפֿט אין דער זעלבער פֿאַבריק דורך 20 ביז 30 פֿערשידענע הענד און פֿילע מאָל טרעפֿט עס זאָגאַר, דאָס זיי מוזען דורכגעהן פֿערשידענע פֿאַבריקען, איידער זיי ווערען פֿערטיג. די רוישטאָפֿען פֿון די פּראָדוקטען קומען געוועהנליך פֿון ווייטע געגענדען, פֿאָלגליך בילדען די טראַנספּאָרט־פֿערבינדונגען, אייזענבאַהנען, פּאָסט, טעלעגראַפֿען א.ז.וו. זעהר וויכטיגע און נויטווענדיגע גלידער פֿון דער היינטיגער פּראָדוקציאָן. ווען עס זאָל זיך נאָר אָב־שטעלען איין רעדעלע אין דעם געוואַלדיגען מעכאַניזמוס פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט, רופֿט עס אַרויס דעם שטילשטאַנד פֿון אַ גאַנצען אינדוסטרי־צווייג.

ווען צ.ב.ש. אַלע קוילען־גרעבער זאָלען אַוועקלייגען זייער אַרבייט, ענדיגט זיך דער קוילען־זאַפּאַס אין פֿערלויף פֿון איינינע טעג און דער פֿערקעהר פֿון פּאָסט און אייזענבאַהן איז אָבגעשטעלט. אַלע דאַמפּף־מאַשינען און פֿאָלגליך אַלע פֿאַבריקען מיט דאַמפּף־מאַשינערי, אַלע עלעקטרישע בעטריבע זיינען פֿעראורטהיילט צום שטילשטאַנד. די גאַז־אַרבייטער זיינען געצוואונגען אַרומצוגעהן ליידיג, ווענן מאַנגעל* אין קוילען און הונדערטער גאַז־מאָטאָרען מוזען זיך אָבשטעלען.

נאָך דעם אונטערגאַנג פֿון דער זון הערשט אין דער גאַנצער שטאָדט אַן עגיפּטישע פֿינסטערניס, דען קיין לאַנטערן, קיין עלעקטרישע ליכט בעלייכטעט די דונקעלהייט.

אַזאַ פֿורכטבאַרע ווירקונג קען שוין ערדייכט ווערען, ווען נאָר די קוילענגרעבער אַליין זאָלען אַוועקלייגען די אַרבייט פֿאַר עטליכע וואָכען. די קוילען־גרעבער זיינען איבערהויפּט דער וויכטיגסטער עלעמענט אין אַן אַלגעמיינער סטרייק־בעוועגונג, זיי זיינען שוין צוגעוואָהנט צו די גרויסע מאַסען־סטרייקס און אין דעם גרויסען קאַמפּף דער צוקונפֿט וועלען מיר געוויס קענען רעכנען אויף זיי. אָבער אויך די אייזענבאַהן־אַרבייטער זיינען ניט די לעצטע אין דער מאָדערנער אַרבייטער בעוועגונג און אין פֿערשידענע לענדער האָבען זיי זאָגאַר די שטאַרקסטע און מעכטיגסטע אָרגאַניזאַציאָנען. זיי וואָלטען געוויס ניט אָבגעוואַרט, ביז עס זיינען מעהר ניטאָ קיין קוילען, זאָנדערען וואָלטען באַלד אַ־ויס אין סטרייק, ווען עס האַנדעלט זיך אַלעם צו געווינען.

אין אַלע אַנדער־ע צווייגען פֿון דער אינדוסטרי איז די אַרבייט שוין צום גרויסען טהייל אָבגעשטעלט געוואָרען דורך דעם סטרייק פֿון די מינאַריטעטען. פֿילע אַרבייטען ניט, ווייל עס פֿעהלען זיי די נויטהיגע רוישטאָפֿען צום פּראָדוצירען און אפילו די פֿייגלינגע זיינען געצוואונגען מיטצוסטרייקען, האָבענדיג מורא פֿאַר זייערע ענטשלאָסענע קאַמעראַדען.

און ווען ערשט די בעקערס און די פּראָדוצירער פֿון אַנדערע נאַהרונגס־מיטלען וועלען אַוועקלייגען די אַרבייט, וועט זיך די ווירקונג פֿון׳ם גענעראַל־סטרייק נאָך שטאַרקער פֿיהלען און די הערשענדע קלאַסע וועט זיך אפשר צום ערשטען מאָל בעקענען מיט דעם שוואַרצען געשפּענסט פֿון הונגער און עלענד.

דאָס וועט זיין די איינלייטונג, דער אָנפֿאַנג. אָבער נאָך דער מיינונג פֿון די ראָמאַנישע גענאָסען און לויט די ערפֿאַהרונגען,

וועלכע מיר האָבען געמאַכט ביז יעצט, קען דער ווייטערער פּערלויף פון דעם גענעראַל-סטרייק ניט זיין אַזוי פרידליך, ווי דער אָנפאַנג איז געווען.

דער גענעראַל-סטרייק אין שפּאַניען און בעלגיען האָט אונז קלאָר און דייטליך געציינט, אַז די בעוועגונג מוז שפּעטער לאָגישער ווייזע אָננעהמען דעם כאַראַקטער פון דער געוואַלד-זאַמע רעוואָלוציאָן, אין דעם אויגענבליק, ווען אויך דאָס פּראָלעטאַריאַט וועט זיך דאַרפען שטעלען די פראַגע: „פון וואַנען נעהמען מיר צו עסען?" די אַרבייטער וועלען דאַן איינפאַך זיין געצוואונגען אַרויסצונעהמען די לעבענס-מיטלען אויס די פולע שאַפּס און מאַגאַזינען פון דער בעזיצענדער קלאַסע, און דאָס איז דער ערשטער שריט צו דער רעוואָלוציאָן.

די פּראָלעטאַריער זיינען אימשטאַנדע אָבצושטעלען די גאַנצע פּראָדוקציאָן, אָבער זיי קענען ניט אָבשטעלען זייערע אָרגאַנישע בעדירפניסע, זיי מוזען קאָנסומירען אונטער אַלע אומשטענדען אַט אַזוי וועלען די אַרבייטער וועהרענד דער צייט פון קאַמפּף טהאָן דאָסזעלבע, וואָס די הערשענדע קלאַסען האָבען שטענדיג געטהאָן זייט פילע יאָהרטויזענדע — זיי וועלען נעמליך געניסען אָהנע צו אַרבייטען. דיזע „ערדלע" איינענשאַפט פון דער בורזשואַזי רופט דער פּראָלעטאַריער „אויסבייטונג", ווען די אַרבייטער בענוצען זיך אַמאָל מיט דערזעלבער מעטהאָדע רופט עס די בורזשואַזי „פּלינדערונג", דער סאָציאַליזמוס רופט עס איינפאַך „עקספּראָפּריאַציאָן".

דער הונגער צווינגט זאָגאַר די פרידליכסטע מענשען צו נעהמען ברויט פון דאָרט, וואו עס געפינט זיך. אין אַלע רעוואָלוציאָנען האָבען מיר געזעהן, דאָס גראַדע די פרויען, וועלכע זיינען בעפאָר רעאַקציאָנערער געווען פון אַלע אַנדערע, דאָס זיי זיינען שפּעטער געווען די ערשטע, וואָס האָבען געשטורמט די בעקערייען און בוטשער-שאָפּס, אום איינצושטילען דעם הונגער פון זייערע קינדער.

אזוי פֿאַנגט זיך אָן די „עקספּראָפּריאַציאָן פֿון די עקספּראָ־פּריאַטאָרס".

זעלבסטפֿערשטענדליך וועט די רעוואָלוציאָנערע קראַפֿט אין דער צייט פֿון אַ גענעראַל-סטרייק נאָך זיין פֿיל מעכטיגער און לוידענשאַפֿטליכער, דען דאָ האַנדעלט עס זיך אום די ערּאָבערונג פֿון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען און ניט מעהר אום די עראָבערונג פֿון געוויסע פּאָליטישע רעכטע, ווי ביי די פֿריהערדיגע רעוואָלוציאָנען.

דער גענעראַל-סטרייק איז אַלזאָ ניט נאָר די איינלייטונג פֿון דער רעוואָלוציאָן, ער איז די איינציגע פּראַקטישע פֿאָרם פֿון די קומענדע סאָציאַלע אומוועלצונג, דער נאַמען פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן.

אָבער דער גענעראַל-סטרייק איז ניט מעהר אַ רעוואָלוציאָן נאָך דער אַלטער טראַדיציאָנעלער פֿאָרם, אַזוי ווי צ.ב.ש. די רעוואָלוציאָנען פֿון דער קליין-בורזשואַזי אין 1789 און 1848. די ראָמאַנטישע צייטען פֿון די באַריקאַדען-קעמפּפֿע זיינען היינט פֿאָראיבער. די שמאָלע, קרומע געסלעך, אין וועלכע מען האָט געקענט אויפֿבויען אַזוי לייכט אַ באַריקאַדע, און אין וועלכע מען איז אימשטאַנדע געווען איהר אַזוי גוט צו פֿערטהיידיגען, דיזע ענגע, קרומע געסלעך זיינען ביסלעכווייז פֿערשוואונדען געוואָרען. אין אַלע גרויסע שטעט זעהען מיר היינט גרויסע, ברייטע גאַסען, וועלכע גיבען די זעלנער די בעסטע געלעגענהייט פֿאָלקאָמען צו ענטוויקלען זייער מיליטערישע קראַפֿט, און זאָגאַר די בעסטע באַריקאַדען וואָלטען באַלד צושטערט געוואָרען. אָבער אויסער דעם פֿעהלט אין די גרויסע שטעדט היינט דאָס נויטווענדיגסטע מאַטעריאַל צו בויען באַריקאַדען— די שטיינער. די הויפּט-גאַסען פֿון די גרויסע שטעט זיינען היינט געפֿלאַסטערט מיט האָלץ און אַספֿאַלט, אַנשטאָט מיט שטיינער און מיט האָלץ און אַספֿאַלט קען מען ניט בויען קיין באַריקאַדען, אפילו ווען מען זאָל האָבען דעם בעסטען ווילען.

אונטער די יעצטיגע אומשטענדען איז עס איינפאַך אונמעג־ליך צו בעגייסטערען די מאַסען פיר די אַלטע פאָרמען פון די פריהערדיגע רעוואָלוציאָנען.

אָבער גאַנץ אַנדערש איז דאָס בילד פון אַ גענעראַל־סטרייק.

דער אונגעהייערער פאָרטהייל פון׳ם גענעראַל־סטרייק בעשטעהט אין דעם, וואָס ער פאַנגט זיך אָן גאַנץ רוהיג און געזעצליך. טויזענדער פראָלעטאַריער, וועלכע וואָלטען קיינמאָל ניט געהאַט דעם מוטה צו נעהמען אַנטהייל אין אַ רעוואָלוציאָן וועלען זיך אָבער אָנשליסען צו דער סטרייק־בעוועגונג, או׳ אָגאַר די יעניגע, וועלכע בלייבען אין דערהיים, מורא האָבענדיג אַז די געשיכטע וועט ניט אָבגעהען אַזוי גלאַט, זאָגאַר זיי אונטערשטיצען דעם סטרייק אונבעוואוסטערהייט, דורך זייער בלייבען אין דערהיים.

אַנדערע גרויסע מאַסען אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך קיינמאָל ניט בעגייסטערט פאַר דעם שטים־קאַסטען, און וועלכע האָבען זיך קיינמאָל ניט אינטערעסירט מיט די רעוואָלוציאָ־נערע פראָפּאַגאַנדאַ, ווייל זייער גאַנצעס לעבען איז מעהר ניט געווען, ווי אַ לאַנגע סעריע פון מעכאַנישע בעוועגונגען, פערלירען פלוצלונג זייער אַרבייט דורך׳ן סטרייק און ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג זיינען זיי געצוואונגען צו נעהמען אַן אַקטיוועו אַנטהייל אין דער בעוועגונג.

עס איז אַן אונבעשטרייטבאַרע טהאַטזאַכע, דאָס אַ מוטהיגע, רעוואָלוציאָנערע טהאַט, סיי די טהאַט פון אַן איינצעלנעם אינדיווידואום, סיי די טהאַט פון אַן ענערגישער און בעגייס־טערטער מינאָריטעט, וועקט אויף טויזענדער מענשען פון זייער שלאָף און שאַפט מיט אַמאָל נייע, ענטוזיאַסטישע קעמפּפער, וועהרענד. צענדליגע יאָהרען פון געזעצליכע אַגיטאַציאָן זיינען ניט אימשטאַנדע געווען זיי אַרויסצורייסען פון זייער אינדיפערענץ און גלייכגילטיגקייט.

* * *

בײ דעם גענעראַל-סטרייק אין באַרצעלאָנאַ אים פֿעברואַר 1902 און אין בעלגיען אין 1893 און שפּעטער, אין אַפּריל 1902 האָבען שטאַטגעפֿונדען פֿילע צוזאַמענשטויסע צווישען דעם פֿאָלק און די זעלנער; אָבער ווי פֿערשידען איז געווען דאָס בילד פֿון דיזע קעמפּפֿע אין פֿערגלייך צו אַלע פֿריהערדיגע רעוואָלטען פֿון די אַרבייטער אין די גרויסע שטעט.

טראָץ דעם וואָס די לאַגע איז דאַן אויסערגעוועהנליך ערנסט געווען, האָבען די אַרבייטער פֿערהעלטניסמעסיג ווייניג אָפּפֿער פֿערלאָרען, דען זיי האָבען גאָר ניט פֿערזוכט צו ריסקירען זייער לעבען, מיט דעם וואָס זיי האָבען אָנגעגריפֿען די בעוואַפֿענטע זעלנער אָדער די עפֿענטליכע געביידען, נייִן, זייער גאַנצע טהעטיגקייט האָט זיך קאָנצענטרירט אויף אַ בעשטימטען פּונקט: אָבצושטעלען די גאַנצע פּראָדוקציאָן און אַלע פֿערבינדונגען.

די הערשענדע קלאַסע האָט נאַטירליך פֿערזוכט מיט אַלע מיטלען אויפֿצוהאַלטען די פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט, טראָץ דעם גענעראַל-סטרייק. מען האָט פֿערזוכט צו בעקומען סקעבס דורך פֿערשפּרעכונגען, דורך דראָהונגען און פֿערשידענע אַנדערע מיטלען, ווען דאָס האָט ניט געהאָלפֿען, האָבען זיי אַריינגעפּאַקט סאָלדאַטען אין די פֿאַבריקען, מינען, בעקערייען א.ז.וו.

זעלבסטפֿערשטענדליך האָבען די פּראָלעטאַריער יעצט געמוזט אויפֿגעבען זייער פּאַסיווע שטעלונג, אום דורכצופֿיהרען זייער פֿעסטען בעשלוס — אָבצושטעלען די פּראָדוקציאָן און די געגענזייטיגע פֿערבינדונגען.

בײ דעם בעלגישען גענעראַל-סטרייק אין 1893 איז געווען דער ערשטער געדאַנק פֿון די אַרבייטער, אָבצושניידען אַלע פֿערבינדונגען און טראַנספּאָרט-מיטלען, אום צו פֿערהינדערען די פֿערשטענדיגונג צווישען די פֿערשידענע מיליטער-און פּאָליציי-אַבטהיילונגען, די פּראָוויאַנטירונג פֿון די זעלנער א.ז.וו.

זעהר אָפט האָט עס פּאַסירט, דאָס אונבעקאַנטע הענד האָבען איבערגעשניטען ביינאַכט די טעלעפאָנישע און טעלע־גראַפישע פערבינדונגען נאָך אַלע ריכטונגען. אויף איינזאַמע פּלעצער האָט מען צושטערט די אייזענבאַהן־ליניען און די אַפּאַראַטען צום שטעלען די שינען. מיט אַ פּראָסטען שטיין האָט מען צוּבראָכען די קליינע שויבען פון די סיגנאַל־לאַנ־טערנען, נאָך וועלכע די מאַשיניסטען דאַרפען זיך ריכטען. און אַזוי זיינען זעהר אָפט די פערבינדונגען פון גאַנצע ליניען אָבגעשטעלט געוואָרען פאַר עטליכע טעג.

אין באַרצעלאָנאַ ווי אין בעלגיען האָט עס געטראָפען, דאָס די וויניגע אַנהייגגער פון׳ם גענעראַל־סטרייק אין אַ פאַבריק אָדער אַ מאַשינען־הויז האָבען געצוואונגען אַלע אַנדערע אַוועקצולייגען די אַרבייט, מיט דעם וואָס זיי האָבען צוּבראָכען די מאַשינען. מען האָט אַריינגעשאָטען בעהאַלטענערהייט זאַמד אין די אויל פון די מאַשינען אָדער אַריינגעוואָרפען גרעסערע קוואָנטיטעטען זייף אין די וואַסער־קעסעל א.ז.וו.

וועהרענד דעם גענעראַל־סטרייק פון די קוילען־גרעבער אין אַמעריקאַ האָבען די אַרבייטער אָפטמאָל צושטערט די האָלץ־איינריכטונגען פון די מינען, די מאַשינען און די פאַהרשטולען; האָון אַזוי האָבען די אַרבייטער פאַר אַ לענגערע צייט איבער ויפט ניט געקענט צוריקגעהען צו זייער אַרבייט. די אַמעריִ־קאַנער קוילען־גרעבער האָבען עס זעהר גוט פערשטאַנען, זיך צו בענוצען מיט העק, זעגען, פייער און דינאַמיט־פּאַטראָנען, וועלכע זיי האָבען זעהר לייכט געקענט בעקומען, דען זיי דאַרפען זיי יעדען טאָג ביי זייער אַרבייט.

אין דער צייט, ווען דער גענעראַל־סטרייק איז אויסגעבראָכען אין האָללאַנד, האָבען די סטרייקערס געמאַכט אונטערזינקען אַ גרויסע שיף דירעקט פאַר׳ן אַריינגאַנג פון האַפען און האָבען דורך דיזע טהאַט אָבגעשטעלט דעם גאַנצען פערקעהר פון די שיפען און די טראַנספּאָרט־פערבינדונגען אויף די טייכען און קאַנאַלען;

דער סטרייק פון די דאָק-אַרבייטער קען פערהינדערען דעם אַריינבריינגען פון אויסלענדישע פּראָדוקטען און לעבענסמיטלען.

אין פילע פעלע אונטערשטיצט די בורזשואזי זאָגאַר דעם גענעראַל-סטרייק אונבעוואוסטערהייט, ווי צ.ב.ש. אין באַרצעלאָנאַ, וואו די קאַפּיטאַליסטען האָבען זאָפאָרט נאָך דער פּראָקלאַמאַציאָן פון'ם גענעראַל-סטרייק פערמאַכט זייערע שאָפּס און מאַגאַזינען, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט פאַר די אַרבייטער. דורך דיזע האַנדלונג איז די צאָהל פון די סטרייקערס נאָך פערגרעסערט געוואָרען דורך די פערקויפער און פערקויפערינען פון די גרויסע און קליינע געשעפטען. עס איז אויך בעקאַנט ווי די אַרבייטער פון באַרצעלאָנאַ האָבען געשטורמט די בעקערייען און בוטשער-שאָפּס, וועלכע די זעלנער האָבען געזוכט צו פערטהיידיגען. אין דער ערשטער צייט פון סטרייק זיינען די סאָלדאַטען נאָך אימשטאַנדע געווען צו בעוואַכען די מאַגאַזינען מיט לעבענס-מיטלען און די רייכע בורזשואַ האָבען געשיקט זייערע דינסטמיידלעך, אום צו קויפען ברויט און פלייש. אָבער אין די צווייטע געסלעך האָבען די סטרייקערס שוין גוט אויפגעפּאַסט, און ווי באַלד די מיידלעך האָבען פערלאָזען די געשעפטען, האָבען די אַרבייטער ביי זיי איינפאַך צוגענומען די לעבענס-מיטלען און האָבען זיי אַליין אויפגעגעסען.

פריהער האָט מען געדיינקט, דאָס די אַרבייטער-קאָאָפּעראַציאָנען וועלען קענען בריינגען פיל נוצען אין דער צייט פון'ם גענעראַל-סטרייק, מיט דעם וואָס זיי וואָלטען געקענט פערזאָרגען די סטרייקערס מיט לעבענס-מיטלען, אָבער שפּעטער האָט מען דיזע אידעע ווידער אויפגעגעבען, דען עס איז גאַנץ קלאָר, *דאָס אין אַזאַ קאַמפּף וועלען די רעגירונגען גאַנץ געוויס ניט רעספּעקטירען זייערע געזעצע און איינפאַך צונעהמען די פּראָדוקטע און לעבענס-מיטלען פון די אַרבייטער פאַר זייערע אייגענע זעלנער.



III.

# דער גענעראַל־סטרייק און די אַרמעע.



אויס דעם וואָס מיר האָבען ביז יעצט געזאָגט און בעוויזען דורך פּראַקטישע ביישפּילע, קען יעדער איינער פֿערשטעהן, דאָס די בעוואַפֿענטע מאַכט פֿון דער רעגירונג איז ניט אַזוי לייכט אימשטאַנדע צו פֿערטהיידיגען די „אָרדנונג" אין דער צייט פֿון אַ גענעראַל־סטרייק, ווי זי האָט עס געקענט טהאָן ביי אַלע פֿריהערדיגע רעוואָלטען אָדער ווי אין 1848, ווען די אַרמעע האָט זיך קאָנצענטרירט אין די הויפּטשטעט, וואו די זעלנער זיינען בעקוועם אימשטאַנדע געווען אָבצושלאַכטען די אָנגעזאַמעלטע מאַסען אָהנע שוועריגקייטען. נייִן, דער גענעראַל־סטרייק, אַזוי ווי מיר האָבען איהם פֿאָרגעשטעלט גיט דעם גאַנצען בילד אַן אַנדער כאַראַקטער.

זעלבסטפֿערשטענדליך האָט אויך דאַן די אַרמעע די אויפֿגאַבע צו בעשיצען די רעגירונגס־געבוידען און פּאַלאַצען אין די גרויסע שטעט פֿאַר דעם האַס פֿון די מאַסען. אָבער דאָס איז ערשט דער אָנפֿאַנג פֿון דעם, וואָס זי דאַרף טהאָן. דאָס מיליטער מוז פֿערזוכען אָנצוהאַלטען דעם פֿערקעהר פֿון די וויכטיגסטע און נויטווענדיגסטע אייזענבאַהן־פֿערבינדונגען די סאָלדאַטען דאַרפֿען ניט נאָר בעוואַכען אַלע סטאַציאָנען זיי דאַרפֿען אויך פֿערנעהמען די פּלעצער פֿון די מאַשיניסטען צוגפֿיהרערס, קאָנדוקטאָרען א.ז.וו. אויסער דעם מוז זיך געפֿינען אין יעדעם צוג אַ געוויסע צאָהל סאָלדאַטען, אום דעם צוג צו פֿערטהיידיגען געגען פֿיינדליכע אַנגריפֿע. אָבער מיט דעם איז נאָך קיין רעגעלמעסיגע פֿערבינדונג ניט געשאַפֿען, ווען די

סטרייקענדע פּראָלעטאַריער קענען יעדען אויגענבליק צושטערען די אייזענבאַהן-שינען, די אַפּאַראַטע צום שטעלען די שינען, די סיגנאַל-לאַטערנען א.ז.וו., פאָלגליך דאַרף מען ווייטער זעלנער, אום צו בעוואַכען אַלע אייזענבאַהן-ליניען, וועלכע ציהען זיך דורך דאָס גאַנצע לאַנד, ווי אַ ריזיגע אייזערנע נעץ.

מען וועט דאַרפען סאָלדאַטען, צו בעוואַכען די טעלעגראַפען און טעלעפאָן-פערבינדונגען, סאָלדאַטען, אום צו האַלטען און צו בעשיצען די פּאָסט-פערבינדונגען, סאָלדאַטען פאַר די פערשידענע פאַבריקען און וואָרקשאָפּס, אין די גאַז-אַנשטאַלטען און בעקערייען, אום צו פּראָדוצירען די נויטווענדיגסטע זאַכען און צו פערזאָרגען די אַרמעע מיט לעבענס-מיטלען. אַנדערע זעלנער וועלען דאַרפען בעשיצען די סקעבס געגען דעם צאָרן פון די מאַסען.

יעדער וואָרקשאָפּ, יעדע פאַבריק, יעדעס מאַגאַזין מוז בעוואַכט ווערען פון סאָלדאַטען, אום צו פערהינדער'ען אַן אַנגריף פון דער מאַסע.

אָבער דאָס אַלעס איז ערשט אַן אָנפאַנג. די פּאַסירונגען אין די גרויסע שטעט ווידערהאָלען זיך אים גאַנצען לאַנד; אין אַלע צענטערס פון דער אינדוסטרי, אין די קוילען-בעצירקען, אין די גרויסע אייזען-גיסערייען, אין די דיסטריקטען פון די וועבער-אינדוסטרי, איבעראַל געהען די אַרבייטער אַרויס אין סטרייק און נעהמען צו די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, וועלכע דער קאַפּיטאַליזמוס האָט ביז יעצט מאָנאָפּאָליזירט. די סאָציאַליס-טישע אַגיטאַציאָן האָט איהרע אַנהייגגער אין די קלענסטע שטעט און דערפער. איבעראַל געפינען זיך מענשען, וועלכע פערשפּרייטען די סאָציאַליסטישע טהעאָריען און אונטער דעם געוואַלדיגען איינפלוס פון אַזאַ ריזען-סטרייק, וועלען די פּראָ-לעטאַריער געווים ניט וואַרטען אויף דעם דעקרעט פון אַ „סאָציאַליסטישער רעגירונג" און וועלען אַליין עקספּראָפּריאירען

די בורזשואַזי און צונעהעמען די פאַבריקען און אַרבייטס־אינסטרומענטען.

אויך אויף דעם לאַנד איז דער איינפלוס פון׳ם גענעראַל־סטרייק מעהר קיין אוטאָפּי ניט. דורך די פערשפּרייטונג פון דעם גרויסען גרונד־אייגענטהום איז עס היינט שוין מעגליך צו אָרגאַניזירען געוואַלדיגע סטרייקס פון די פעלד־אַרבייטער, ווי מיר האָבען עס געזעהען אין אונגאַרן, גאַליציען, רוסלאַנד, איטאַליען און שפּאַניען.

קיין זאַך ווירקט ניט אַזוי שטאַרק אויף די מאַסען ווי די רעוואָלוציאָן. דערפאַר איז עס זעהר מעגליך, דאָס אין דער צייט פון אַ גענעראַל־סטרייק וועלען די פעלד־אַרבייטער און די קליינע בויערען זיך אַנש[illegible]סען די אינדוסטרי־אַרבייטער און עקספּראָפּריאירען די גרויסע אימעניעס פון די גרונד־בעזיצער, ווי זיי האָבען עס געטהאָן אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. זייט די לעצטע עטליכע יאָהרען האָט עס אָפט פּאַסירט, הויפּטזעכליך אין רוסלאַנד, דאָס סטרייקענדע אַרבייטער זיינען אַרויס אין די דערפער אַרום שטאָדט, אום אויפצוקלערען די בויערען און צו געווינען זייער סימפּאַטי פאַר די זאַכע פון די פּראָלעטאַריער, מיט דעם וואָס זיי האָבען זיי געפּריידיגט: „איהר דאַרפט מעהר דעם שטאַאַט קיין אָבגאַבען ניט בעצאָהלען; איהר דאַרפט מעהר ניט אַוועקגעבען אייער לעצטען גראָשען, אום צו בעצאָהלען דעם רייכען גרונד־בעזיצער רענט, אַלע וואוכערער און פּאַראַזיטען, וועלכע האָבען ביז יעצט געלעבט פון אייער שוויים און בלוט, האָבען פערלאָרען די מאַכט אייך ווייטער אויסצובייטען און צו אונטערדריקען. מיר האָבען פערברענט די אַרכיוען מיט אַלע אייגענטהומס דאָקומענטען. אייערע זיהן דאַרפען מעהר ניט דינען דעם שטאַאַט אַלס זעלנער, זיי קענען בלייבען אין דער היים און אייך העלפען בעאַרבייטען די ערד. פעריאָגט דעם גרויסען גוטס־בעזיצער און נעהמט צו זיינע אונצעהלבאַרע

פֿערדער אלס אייער געמיינשאַפֿטליכעס און קאָלעקטיוועס אייגענטהום. פֿערברענט זיין שלאָס, וועלכעס שטעהט צווישען אייערע אָרעמע הייזלעך, אַלס אַ פֿערהאַסטער מאָנומענט פֿון אייער עלענד און שקלאַפֿעריי. איהר האָט ניט וואָס מורא צו האָבען פֿאַר די זעלנער, דען ייי האָבען גענוג צו טהאָן אין די שטעט און ביי די אייזענבאַהנען; זיי קענען אייך גאָר ניט טהאָן."

אויף אַזאַ מין אַרט וואָלט עס זעהר מעגליך געווען צו שטערען די „אָרדנונג" און „זיכערהייט פֿון אייגענטהום" אים גאַנצען לאַנד.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען וואָלט די אַרמעע אַלזאָ ניט נאָר געדאַרפֿט פֿערטהיידיגען די פּאָליטישע מאַכט פֿון דער בורזשואַזיע, זאָנדערן אויך די גאַנצע עקאָנאָמישע מאַכט פֿון דער הערשענדער קלאַסע, און דאָס לעצטע איז פֿיל שווערער ווי די ערשטע אויפֿגאַבע.

ביי אַלע פֿריהערדיגע רעוואָלוציאָנען האָט די רעגירונג געקענט קאָנצענטרירען די אַרמעע אין די הויפּטשטעט, וואו 100,000 גוטבעוואַפֿענטע זעלנער האָבען מאַרשירט געגען איינינגע טויזענד רעבעלען, אָבער אין דער צייט פֿון'ם גענעראַל-סטרייק איז די זאַכע גאַנץ אַנדערש. די אַרמעע קען זיך מעהר ניט קאָנצענטרירען אויף איניגע פּונקטען, זי מוז זיך צוטהיילען אים גאַנצען לאַנד, אין יעדער שטאָדט, אין דעם קלענסטען דאָרף, אין אַלע צענטערס פֿון דער אינדוסטרי, נעבען אַלע אייזענבאַהן-ליניען מוזען זיך געפֿינען סאָלדאַטען, אום צו בעשיצען דאָס קאַפּיטאַל און אויפֿצוהאַלטען די „אָרדנונג".

פֿילייכט וועט זיך דער רעגירונג פֿערוועלען — איינזעהענדיג, אַז די צאָהל פֿון איהרע פֿערטהיידיגער איז צו קליין — צונויפֿצורופֿען די רעזערוויסטען?

אָבער דיזער מיטעל איז גאַנץ געפֿעהרליך, דען צונויפֿרופֿען די רעזערוויסטען מיינט אייגענטליך ניט אַנדערש, ווי אָבצורייסען

די סטרייקענדע אַרבייטער פֿון זייערע גענאָסען און זיי צו פֿערזאָרגען מיט גוטע וואָפֿען, און די רעגירינג וועט זיך צוערשט צוויימאָל בערעכענען, איידער זי וועט זיך בענוצען מיט דעם געפֿעהרליכען מיטעל. און אויב זי טהוט עס ניט, בעווייזט זי דורך דעם איהר אָהנמעכטיגקייט, זי פֿערלירט איהר אויטאָריטעט און די צאָהל פֿון איהרע זעלנער איז פֿיל צו קליין, אום אויסצופֿיהרען דעם ווילען פֿון דער הערשענדער קלאַסע.

ווי גרויס, ווי גוט בעוואָפֿענט און דיסציפּלינירט אַן אַרמעע זאָל ניט זיין, איז דאָך אונמעגליך פֿאַר איהר אַלעס צו פֿער־טהיידיגען. די זעלנער וועלען מוזען צוטהיילט ווערען אים גאַנצען לאַנד און בעזיצען דערפֿאַר ניט די נויטיגע קראַפֿט צו אונטערדריקען די רעוואָלוציאָן אין דער פֿאָרם פֿון'ם גענעראַל־סטרייק.

אָבער עס גיט אויך אין דיזער בעציהונג געוויסע פּסיכאָ־לאָגישע מאָמענטען, וועלכע מיר דאַרפֿען ניט פֿערגעסען. די פּראַקטישע ערפֿאַהרונגען פֿון דער מאַסען־פּסיכאָלאָגיע צייגען אונז יעדען טאָג, אַז דער איינצעלנער מענש איז פֿיל לייכטער אימשטאַנדע צו בעגעהן געוואַלדטהאַטען, ווען ער געפֿינט זיך צווישען גרעסערע מענשען־מאַסען, בעזאָנדערס, ווען ער בעגעהט אַזעלכע טהאַטען אונטער דעם בעפֿעהל פֿון אַ פּערזאָן, וועלכע ער בעטראַכטעט פֿאַר אַן אויטאָריטעט. דאָס איז די פּסיכאָלאָגישע ספּעקולאַציאָן פֿון'ם מיליטאַריזמוס. ווען דער סאָלדאַט געפֿינט זיך אין מיטען צווישען גרעסערע מיליטערישע אָבטהיילונגען, אויפֿגערעגט פֿון דער מוזיק און ציטערנדיג פֿאַר זיינע אָפֿיצירען, וועלכע ער בעטראַכט אַלס אַ זאָרט העכערע וועזען, פֿערלירט ער זייער לייכט זיין נאַטירליכען פֿערשטאַנד, זיין אייגענעם אורטהייל, ער האַנדעלט פּונקט ווי ער וואָלט היפּנאָטיזירט געוואָרען און פֿיהרט אָפֿט מאָל אויס די ברוטאַלסטע און אונמענשליכסטע בעפֿעהלען. נאָר אין אַזאַ

צושטאַנד איז דער סאָלדאַט פֿעהיג צו שיסען אויף פֿאָטער און מוטער, שוועסטער און ברודער.

אָבער אין קלענערע גרופּען האָט דער סאָלדאַט מעהר צייט צו דיינקען, דער קאָפּ ווערט איהם ניט פֿערטומעלט פֿון דער ברוטאַלער און מערדערישער בעגייסטערונג, וועלכע בעהערשט דעם גייסט פֿון אַלע גרויסע מיליטערישע קערפּערשאַפֿטען; מיט איין וואָרט עס פֿעהלט איהם די אַנשטעקענדע בעריהרונג מיט דער אַרמעע, וועלכע איז די וואַהרע שולע פֿון מאָרד און פֿערברעכען. אַנשטאַט די פּאַטריאָטישע מוזיק און די ווילדע קריגס-לידער אין די קאַזאַרמען הערט ער איבעראַל די געזענגע פֿון זיין פֿאָלק, די לידער פֿון דער רעוואָלוציאָן געגען די אויסבייטער און אונטערדריקער, וועלכע דערמאָהנען איהם, דאָס ער איז אַ קינד פֿון׳ם פֿאָלק, פֿון וועלכען מען האָט איהם אַוועקגעריסען מיט געוואַלד און ביסלעכווייז וועט ער אָנפֿאַנגען צו בעגרייפֿען, דאָס ער דאַרף אייגענטליך שטעהען אויף דער זייטע פֿון זיינע אַרבייטס-ברידער און ניט אויף דער זייטע פֿון די טיראַנען.

דער גענעראַל-סטרייק איז דער קלאָרסטער און דייטליכ-סטער אויסדרוק פֿון דעם קלאַסען-קאַמפּף צווישען פּראָלע-טאַריאַט און בורזשואַזי, און דער פּראָלעטאַריער אים סאָלדאַטען-ראָק וועט באַלד פֿערשטעהן, דאָס, קעמפּפֿענדיג פֿאַר די „גרויסע אידעאַלען" „גאָט, קעניג און פֿאָטערלאַנד," קעמפּפֿט ער אייגענטליך פֿאַר די ווייטערע עקזיסטענץ פֿון אויסבייטונג און טיראַניי, פֿאַר די אויסבייטונג פֿון זיינע ברידער, פֿאַר זיין אייגענע אויסבייטונג, ווען ער וועט ווידער פֿערבייטען די אוניפֿאָרם מיט דער אַרבייטער-בלוזע. שטעהענדיג אַלס פּאָסטען פֿאַר אַ פֿאַבריק וועט ער בעגרייפֿען, דאָס ער איז אין דער אמת׳ן זיין אייגענער וועכטער און דיזער געדאַנק וועט מאַכען, דאָס מאַנכער יונגער סאָלדאַט וועט זיך שטעלען אויף די זייט פֿון׳ם פֿאָלק. אַנדערע קליינע גרופּען פֿון סאָלדאַטען, וועלכע

זיינען איבעראַל צושפּרייט, וועלען זעהר לייכט בעזיגט ווערען פון די גרויסע פאָלקס־מאַסען. פילע פון זיי, וועלכע האָבען פיליכט ניט דעם דירעקטען מוטה זיך צו שטעלען אויף די זייטע פון די אַרבייטער, וועלען זיך איבערהויפּט ניט פערטהיידיגען, פרעהענדיג זיך, אַז מען וועט זיי אַוועקנעהמען די וואַפען.

דאָס איז גראַדע דער גרויסער פאָרטהייל פון אַ גענעראַל־סטרייק, דאָס ער פאַנגט זיך אָן אַלס אַ פרידליכער סטרייק און ענדיגט זיך אַלס אַן אַלגעמיינע רעוואָלוציאָן אים גאַנצען לאַנד. דער גענעראַל־סטרייק איז די דעצענטראַליזאַציאָן פון דער רעוואָלוציאָן און פאָלגליך אויך די דעצענטראַליזאַציאָן פון דער אַרמעע. דיזער דעצענטראַליסטישער כאַראַקטער פון׳ם גענעראַל־סטרייק איז די גרונדבעדינגונג פאַר דעם זיג פון דער רעוואָלוציאָן. אָבער פאַר דעם מיליטאַריזמוס איז די דעצענטראַליזאַציאָן אַ שרעקליכע געפאַהר; וואָס מעהר די אַרמעע איז געצוואונגען זיך צו צוטהיילען, אַלס מעהר וועט אָבגעשוואַכט ווערען די מיליטערישע דיסציפּלין, ביז וואַנען זי וועט פאַלען אין גאַנצען און צוזאַמען מיט איהר מוז אויך פאַלען דאָס גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, וועלכעס גרינדעט זיך הויפּטזעכליך אויף די שפּיצען פון די באַיאָנעטען.

***

אפשר וועלען די „פרעמדע מעכטע" זיך אריינמישען, ווען דער גענעראַל־סטרייק וועט אויסברעכען אין אַ בעשטימטען לאַנד? מיר האָבען פאַר דעם ניט וואָס מורא צו האָבען. עס איז גאָר קיין אוטאָפּי ניט, ווען מיר רעכענען, אַז דער גענעראַל־סטרייק וועט אָננעהמען אַן אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער. שוין אין 1848 האָבען מיר געזעהן, אַז די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג איז אויסגעבראָכען כמעט אין אַלע לענדער פון אייראָפּאַ און לאָמיר ניט פערגעסען, אַז דער כאַראַקטער פון דיזע רעוואָלוציאָנען איז אין גאַנצען געווען

אַ נאַציאָנאַלער; די רעוואָלוציאָנערע פֿון די פֿערשידענע לענדער האָבען גאַנץ וויניגע בעציהונגען געהאַט איינע צו די אַנדערע און מאַנכעס מאָל האָט זאָגאַר עקזיסטירט צווישען זיי אַ דירעקטע פֿיינדשאַפֿט.

היינט אָבער איז דאָס פּראָלעטאַריאַט שוין לאַנג דורכגעדרונגען מיט אינטערנאַציאָנאַלע אידעען; די אַרבייטער אָרגאַניזירען זיך אינטערנאַציאָנאַל און די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט האָט יעצט איבעראַל בעקומען אַ פּראַקטישע בעדייטונג. מען פֿעררופֿט אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען, אום זיך געגענזייטיג צו בעראַטהען און אונטערשטיצען אים קאַמפּף געגען דעם קאַפּיטאַליזמוס און אויסצוגעפֿינען נייע מיטלען און מעטהאָדען ווי צו קעמפּפֿען. אונטער אַזעלכע אומשטענדען קענען מיר אַלזאָ זיכער רעכענען, אַז די רעוואָלוציאָן פֿון׳ם פּראָלעטאַריאַט, די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, ד.ה. דער גענעראַל־סטרייק וועט זיין אינטערנאַציאָנאַל, צום וויניגסטען וועלען די הויפּטלענדער פֿון אייראָפּאַ גלייכצייטיג אַריינגעשלעפּט ווערען אין דער בעוועגונג.

די מורא׳דיגע „פֿרעמדע מעכטע" וועלען אַלזאָ האָבען גענוג צו טהאָן ביי זיך אין דערהיים, איידער זיי וועלען געפֿינען אַ געלעגענהייט צו העלפֿען אנדערע.



## IV.

## וואס האט דאס פּראָלעטאַריאַט צו פֿערלירען?

די פּראָפֿעסיאָנעלע דעמאַגאָגען און פֿערשלעפֿערער, וועלכע שטעהען אין פֿילע לענדער אַן דער שפּיצע פֿון דער אַרבייטער בעוועגונג, האָבען עס זעהר גוט פֿערשטאַנען — הויפּטזעכליך אין דייטשלאַנד — צו דערשטיקען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט

פֿון די פּראָלעטאַריער, מיט דעם וואָס זיי האָבען זיי פֿאַר־געשטעלט ביי יעדער געלעגענהייט דאָס גרויזאַמע בילד פֿון אַ שרעקליכע בלוט־באָד אַלס די אונפֿערמיידליכע קאָנזעקווענץ פֿון יעדער רעוואָלוציאָנערע טהעטיגקייט. אויך היינט ווענדען זיי אָן דאָס זעלבע מיטעל, אום אָבצושרעקען די אַרבייטער פֿון דער גענעראַל־סטרייק־אידעע.

עס איז קיין צווייפֿעל, אַז די אַרבייטער האָבען ביי אַ גענעראַל־סטרייק פֿיל וויניגער צו ריזיקירען, ווי זיי האָבען ריזיקירט אין אַלע פֿערגאַנגענע רעוואָלוציאָנען; אָבער פֿון דעסטוועגען וואָלט עס לעכערליך געווען פֿון אונז זיך איינצו־ריידען, דאָס עס וועלען ניט פֿאָרקומען קיינע קעמפֿפֿע מיט דער בעוואַפֿענטער מאַכט. אויך דער גענעראַל־סטרייק וועט פֿאָדערען זיינע אָפּפֿער, דען מיר קענען זיך איבערהויפּט ניט פֿאָרשטעלען אַ קאַמפּף אָהן אָפּפֿער.

אָבער זאָלען די אַרבייטער צוליב דעם קאַמפּף, אַוועקלייגען זייערע בעסטע וואַפֿען אָן אַזייט און רוהיג וואַרטען אויף די „ענטוויקלונג פֿון די עקאָנאָמישע פֿערהעלטניסע,“ אפשר וועט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט 4000 יאָהר נאָך מילעראַן׳ס אָדער בערנשטיין׳ס געבורט צו גרונדע געהען „פֿון זיך אַליין,“ אום צו מאַכען פּלאַץ פֿאַר דעם סאָציאַליזמוס? — ניין! די פּראָלעטאַריער לאַכען זיך אויס פֿון דיזע פֿייגע ספּעקולאַציאָנען און זיי וועלען צייגען, אַז זיי האָבען נאָך ניט פֿערלאָרען דעם מוטה צו אָפּפֿערען אַלעס פֿאַר זייער בעפֿרייאונג.

דאָס וואָס דער אַרבייטער דאַרף ריזיקירען אין קאַמפּף, אין דער רעוואָלוציאָן, מוז ער יעדען טאָג ריזיקירען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט. די סטאַטיסטיקער בעווייזען אונז, דאָס אין פֿראַנקרייך אַליין שטאַרבען דורכשניטליך 174,000 מענשען אַ יאָהר דורך אונגליקספֿעלע אין דער פּראָדוקציאָן און דורך זאָגענאַנטע „אינדוסטרי־קראַנקהייטען;“

גאָר ניט ריידענדיג פֿון די קליינע פֿערוואונדונגען און אונגליקען, וועלכע מאַכען זיך יעדען טאָג אין די פֿאַבריקען, און וועלכע ווערען פֿון קיינעם ניט געצעהלט. אַזוי ערמאָרדעט דער קאַפּיטאַליזמוס מעהר פּראָלעטאַריער-לעבענס אין איין יאָהר, ווי עס זיינען פֿערניכטעט געוואָרען אין אַלע רעוואָלוציאָנען, וואָס האָבען ביז יעצט שטאַטגעפֿונען און נאָר דערפֿאַר, ווייל דער קאַפּיטאַליסט וויל ניט פֿערלירען קיין צייט און קיין געלד, אום איינצופֿיהרען געוויסע פֿערזיכערונגס-מיטלען, אום צו שיצען דאָס לעבען און די געזונדהייט פֿון די אַרבייטער, דען זיין פּראָפֿיט איז ביי איהם טהייערער ווי אַ פּאָר מענשענלעבען. דער טויט ערוואַרטעט דעם פּראָלעטאַריער יעדען טאָג, יעדע שטונדע ביי זיין אַרבייט; יעדען אויגענבליק קען ער אַרונטערפֿאַלען פֿון אַ דאַך, ער קען בעגראָבען ווערען אין די מינען, פֿערגיפֿטעט ווערען אין די כעמישע פֿאַבריקען, געטויטעט ווערען דורך אַן עלעקטרישען שטראָם אָדער צוריסען ווערען אויף שטיקלעך דורך די עקספּלאָזיאָן פֿון אַ מאַשינען-קעסעל. און ווען ער געהט אַרום אָהן אַרבייט, ערוואַרטעט איהם דער טויט אין זיין שרעקליכסטער געשטאַלט, דער הונגערטויט אָדער זעלבסטמאָרד אויס עלענד און פֿערצווייפֿלונג.

מיליאָנען פּראָלעטאַריער קענען יעדען אויגענבליק געצוואונגען ווערען דורך דעם בעפֿעהל פֿון זייערע הערשער, אָנצוטהאָן די מיליטערישע אוניפֿאָרם און צו מאַרשירען אין קריג, אום צו פֿערגיסען אונשולדיגעס בלוט און צו פֿערטהיידיגען די אינטערעסען פֿון זייערע פֿיינדע, די אינטערעסען פֿון זייערע אויסבייטער און אונטערדריקער. אין יעדער גרויסער שלאַכט זיינען געפֿאַלען מעהר מענשען ווי אין אַלע רעוואָלוציאָנען, אין דער שלאַכט ביי לייפּציג זיינען געפֿאַלען 143.000 מאַן, 46.000 זיינען געפֿאַלען ביי וואָטערלאָ און 40.000 ביי קעניגגרעץ. אין די מלחמות פֿון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען

האָבען ניט ווייניגער ווי 8 מיליאָן מענשען פערלאָרען זייער לעבען.

דער קלענסטער פאָרטשריט, די קלענסטע וויסענשאַפטליכע ענטדעקונג קאָסטען אָפטמאָלס טויזענדע פון מענשען־לעבען. ווי פיל בעמיקער זיינען שוין פערגיפטעט אָדער צושמעטערט געוואָרען, אַרבייטענדיג ביי נייע ערפינדונגען! וויפיל ערצטע זיינען שוין געטויטעט געוואָרען דורך באַצילען, וועלכע זיי האָבען געזוכט צו פערניכטען צום גליק פון דער מענשהייט! וויפיל מוטהיגע מענער, וועלכע האָבען געוואָלט ענטדעקען דעם נאָרדפאָל, זיינען צו גרונדע געגאַנגען אין אייז און שנעע! וויפיל וויסענשאַפטליכע פאָרשער זיינען געשטאָרבען אין דער וויסטע אָדער אים אורוואַלד, געטויטעט פון ווילדע חיות אָדער ווילדע מענשען!

און וויפיל מאַרטירער זיינען געפאַלען פאַר יעדע נייע אידעע, פאַר יעדע נייע וואהרהייט! וויפיל פון די גרעסטע דיינקער און קעמפפער, אַפאָסטלען דער וואַהרהייט זיינען פערברענט געוואָרען אויף'ן שייטערהויפען, געשטאָרבען אויף'ן גאַלגאַן, אונטער דעם מעסער פון דער גיליאָטינע, אין אונטער־אירדישע קערקערם אָדער אין די אייז־פעלדער פון סיביר!

וואָס פאַר אַ ים פון בלוט איז אויף דיזע ווייזע פערגאָסען געוואָרען! און ווי קליין און אונבעדייטענד קומען אוים די פאַר טראָפען בלוט, וועלכע זיינען פערגאָסען געוואָרען אין די רעוואָלוציאָנען, ווען מיר זאָלען זיי פערגלייכען מיט דיזען אונגעהייערען רויטען ים!

איז עס ניט אַ מערקווירדיגע זאַך, דאָס ווען עס האַנדעלט זיך צו געהען אין אַ מלחמה, געפינט זיך קיין איינציגער מענש, וועלכער זאָל אָבשרעקען דאָס פאָלק, פאָרשטעלענדיג איהם די בלוטיגע סצענען פון די שלאַכט־פעלדער, און די שרעקליכע געפאַהר, אָבער ווי באַלד עס האַנדעלט זיך צו קעמפפען פאַר דער אייגענער פרייהייט, פאַר אַ בעסערע

צוקונפט, געפינען זיך אַ גאַנצע מאַסע „קלוגע" מענשעלעך, וועלכע זוכען צו דערשטיקען דעם רעוואָלוציאָנערען מוטה פון די מאַסען.

אין אַלע רעוואָלוציאָנען פאַר די נאַציאָנאַלע אונאַבהענגיג־קייט און די פּאָליטישע רעכטע האָט דאָס פאָלק רעזיקירט זיין לעבען מיט בעגייסטערונג, ניט ציטערענדיג פאַר'ן טויט. אָבער איז דען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט בעפרייען די גאַנצע מענשהייט פון אַלע קייטען און פון יעדער נויט, ניט אַ פיל טהייערער אידעאַל, וועלכער פערדינט עס ווירקליך, אַז מיר זאָלען דערפאַר אַוועקלייגען אַלע קרעפטען אין אויב עס איז נויטווענדיג — זאָגאַר רייזיקירען אונזער לעבען?

אין דער ווירקליכקייט איז די רעוואָלוציאָן אין דער פאָרם פון'ם גענעראַל־סטרייק פיל ווייניגער געפעהרליך פאַר די אַרבייטער, ווי אַלע פערגאַנגענע רעוואָלוציאָנען; דען זי פער־הינדערט די צענטראַליזאַציאָן פון דער אַרמעע און מאַכט דעם קאַמפף מיט גרעסערע מיליטערישע אַבטהיילונגען גאַנץ אונמעגליך. דערפאַר האָט דער גענעראַל־סטרייק די מעהרסטע אויסזיכטען אויף ערפאָלג און מיט גאַנץ ווייניג אָפּפער וועט ער אונז ברייננגען דעם פולען זיג.

V.

## עקאָנאָמישע מאָמענטען.

## לוין־קאמפף און גענעראַל־סטרייק.

יעדע היסטאָרישע עפּאָכע האָט איהרע בעזונדערע קאַמפף־מיטלען און די טעכנישע פאָרמען פון דער רעוואָלוציאָן ווערען בעשטימט פון איהרע בעזונדערע עקאָנאָמישע בע־דינגונגען. די אַלטע ריטער האָבען געקעמפּפט מיט פּאַנצערם, שווערדען און שפּיזען. די בירגער פון די קאָמונען אים

מיטעלאַלטער האָבען אָרגאַניזירט קאָנספּיראַציעס געגען זייערע פיינדע און די בויערען האָבען אויך געהאַט זייערע ספּעציעלע מעטהאָדען ווי צו קעמפּפען. די קאַמפּף־מעטהאָדע פון דער קליינער בורזשואַזי איז געווען די באַריקאַדען־שלאַכט.

די מאָדערנע אַרבייטער־קלאַסע קען זיך ניט מעהר בע־נוצען מיט דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון די פערגאַנגענע פּעריאָדען. די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון אונזער צייט האָט געשאַפען גאַנץ נייע בעדינגונגען און פאָלגליך אויך גאַנץ נייע פאָרמען פאַר דעם פּראָלעטאַרישען בעפרייאונגס־קאַמפּף. די רעוואָלוציאָנערע מעטהאָדע פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז דער עקאָנאָמישער קאַמפּף, די גרינדונג און ענטוויקלונג פון סאָציאַלע קאַמפּף־אָרגאַניזאַציאָנען, אום צו פערטהיידיגען די אינטערעסען פון דער אַרבייטער קלאַסע.

אַלע ערשיינונגען פון דעם עקאָנאָמישען לעבען דער געגענ־וואַרט צווינגען אונז זיך צו בעשעפטיגען מיט דער פראַגע פון'ם גענעראַל־סטרייק, און וויפיל דיזע אידעע זאָל ניט בעקעמפט ווערען פון די פּאַרלאַמענטאַרישע פיהרער, זעהען מיר דאָך איבעראַל, אז די פּראָלעטאַריער פאַנגען אָן זיך צו בענוצען מיט דיזער וואַפע, ווייל די פּראַקטישע נויטווענדיגקייט צווינגט זיי, זיך צו בענוצען מיט איהר, ווי באַלד עס האַנדעלט זיך אום אַ וויכטיגען קאַמפּף אָדער אום אַן ערענסטע ענטשיידונג.

* * *

וואָס מעהר עס ענטוויקלעט זיך דאָס סאָלידאַריטעטס־געפיהל צווישען די פּראָלעטאַריער, וואָס גרעסער און מעכטיגער עס ווערען די עקאָנאָמישע קאַמפּף־אָרגאַניזאַציאָנען פון דער אַרבייטער־קלאַסע, אַלס מעהר און מעהר מוז זיך ענטוויקלען די אידעע פון'ם גענעראַל־סטרייק צווישען די גרויסע מאַסען פון פאָלק אַלס דאָס לאָגישע און אונפערמיידליכע רעזולטאַט פון אַלע די צאָהלרייכע סטרייקס, וועלכע פערמעהרען זיך פון טאָג צו טאָג.

* * *

איז עס ניט די נאַטירליכסטע און פאָלקאָמענסטע פאָרם פון דער רעוואָלוציאָן, ווען אין דעם טאָג, אין וועלכען די שקלאַפען וועלען צוברעכען זייערע קייטען, וועלען זיי צורופען זייערע אונטערדריקער: „מיר ווילען אייך מעהר ניט געהאָרכען, מיר ווילען פאַר אייך מעהר ניט טראָגען די וואַפען, מיר ווילען ניט לענגער אַרבייטען פאַר אייך! אָבער מיר אַנער־קענען אויך ניט מעהר אייערע אייגענטהומס־רעכטע, מיר וועלען ענדליך זעלבסט צונעהמען אַלע רייכטהימער, וועלכע מיר אַליין האָבען געשאַפען; און וועלכע מיר האָבען קיינמאָל ניט געדאַרפט געניסען?"

די פאַסיווע געהאָרכזאַמקייט איז דער פונדאַמענט פאַר די גאַנצע מאַכט פון די הערשענדע קלאַסע. אַזוי ווי די פאָלי־טישע מאַכט פון דער בורזשואַזי גרינדעט זיך אויסשליסליך אויף די וואַפען, וועלכע מיר אַליין שמידען און טראָגען, און מיט וועלכע מיר בעשיצען אונזערע אונטערדריקער געגען אונז זעלבסט, אַזוי גרינדעט זיך אויך זייער עקאָנאָמישע מאַכט, זייער גאַנצער רייכטהום אויף אונזער אַרבייט. אין דעם אויגענ־בליק, אין וועלכען אונזער געהאָרכזאַמקייט וועט זיך ענדיגען, אין דיזען אויגענבליק וועט זיך ענדיגען זייער הערשאַפט. אין דעם מאָמענט, ווען מיר וועלען מעהר פאַר זיי ניט אַרבייטען, אין דיזען מאָמענט מוזען זיי שטאַרבען פון הונגער מיט אַל זייער גאָלד; זיי מוזען פערלירען זייער מאַכט.



# איבערבליק.

די וויכטיגסטע זייטען פון דער גענעראַל־סטרייק־אידעע לאָזען זיך קורץ צוזאַמענשטעלען ווי פאָלגט: 1) דער

אום צו זיין ערפאָלגרייך, זעהען מיר, אַז די סטרייקס האָבען די נאַטירליכע טענדענץ צו ווערען אַלס גרעסער און גרעסער, ד.ה. אימער גרעסערע מאַסען אַרבייטער פון דערזעלבער טרייד שליסען זיך אָן צו דער סטרייק בעוועגונג און אין די געווערקשאַפטען בעשעפטיגט מען זיך אימער עפטער מיט דער פראַגע, אויב עס איז נויטווענדיג און פראַקטיש צו פראָקלאַמירען דעם גענעראַל־סטרייק פאַר אַ געוויסע אינדוסטרי־בראַנטש.

און אימער מעהר בעגעגענען מיר זיך מיט דער טהאַטזאַכע, דאָס ביי גרעסערע סטרייקס לייגען אויך די אַרבייטער פון פערוואַנדטע אינדוסטרי־צווייגען אַוועק די אַרבייט, אום צו אונטערשטיצען זייערע סטרייקענדע ברידער, און אַזוי ענטשטעהען די זאָגענאַנטע סאָלידאַריטעט־סטרייקס. טהיילווייזע צייגען די קאַפּיטאַליסטען אַליין דעם פּראָלעטאַריאַט דעם ריכטיגען וועג, דורך דעם זאָגענאַנטען „ל אָ ק א ו ט", וועלכער שפּילט אין דער לעצטער צייט אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם גרויסען קאַמפף צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל. מיר זעהען זעהר אָפט ווי די קאַפּיטאַליסטען ערקלעהרען זיך סאָלידאַריש איינער מיט דעם אַנדערען, און אום צו ברעכען דעם ווידערשטאַנד פון אַ געוויסע צאָהל אַרבייטער, וואַרפט מען טויזענדע אונ־שולדיגע אַרבייטער אַרויס אין גאַס, אום זיי זאָלען צווינגען זייערע סטרייקענדע קאַמעראַדען צוריקצוגעהן צו דער אַרבייט אָדער אום צו צושטערען זייערע אָרגאַניזאַציאָנען. אימער עפטער זעהען מיר, ווי די קאַפּיטאַליסטישע אויסבייטער פעראייניגען זיך אין שטאַרקע און מעכטיגע אָרגאַניזאַציאָנען, אום זיך געגענזייטיג צו אונטערשטיצען געגען די פאָדערונגען פון דער אַרבייטער־קלאַסע.

אין דעם אויגענבליק, ווען די געווערקשאַפטען וועלען זיך געגענזייטיג פערשטענדיגען און וועלען אונטערשטיצען די סטרייקערס, אום צו ענטפערען די ברוטאַליטעט פון זייערע

אויסבייטער, אין דיזען אויגענבליק וועט עס ניט מעהר זיין קיין קאַמפף פֿון אַ געוויסע בראַנטש אַרבייטער געגען אַ בעשטימטע צאָהל קאַפּיטאַליסטען, ניין, עס וועט זיין אַ דירעקטער קאַמפף פֿון דעם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט געגען די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסע. אַט אַזוי קומען מיר ביסלעכוויז אַלס נעהנטער צו דעם גרויסען און מעכטיגסטען אויסדרוק פֿון'ם סטרייק, דעם סטרייק פֿון דער אַלגעמיינער ארבייטער-קלאַסע געגען דאָס קאַפּיטאַל אין אַלגעמיין, מיט איין וואָרט — דעם סאָציאַלען גענעראַל-סטרייק.

די גאַנצע טהעאָרי פֿון דעם גענעראַל-סטרייק איז ענטשטאַנדען און געבאָרען געוואָרען אין די געווערקשאַפֿטען דורך דעם טעגליכען קאַמפף און די ערפֿאַהרונגען פֿון'ם פּראַקטישען לעבען, ער איז די מאָדערנע קאַמפף-מעטהאָדע, וועלכע איז אַם בעסטען אימשטאַנדע צו פֿערניכטען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿטס-אָרדנונג.

די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן אין דעם געשטאַלט פֿון'ם גענעראַל-סטרייק — אָדער לאָמיר בעסער זאָגען דער סאָציאַלער גענעראַל-סטרייק—אונטערשיידעט זיך דורך צוויי וויכטיגע פּונקטען זעהר פֿאָרטיילהאַפֿט פֿון יעדען אַנדערען סטרייק, אַפילו פֿון דעם גענעראַל-סטרייק פֿון אַ געוויסע טרייד, וועלכער איז דאָך אויך ניט אַנדערש ווי אַ לוין-קאַמפף:

1) אין יעדען געוועהנליכען סטרייק איז געלד די וויכטיגסטע זאַך, כּדי די סטרייקערס זאָלען קענען אויסהאַלטען אין קאַמפף; אָבער אין דער צייט פֿון דעם סאָציאַלען גענעראַל-סטרייק איז געלד אַבסאָלוט איבערפֿליסיג, דען אַלע געשעפֿטען זיינען פערמאַכט און קיין זאַך ווערט ניט פּראָדוצירט. אין געגענטהייל, געלד וואָלט זאָגאַר געוועזען אַ דירעקטער שאַדען פֿאַר דעם ערפֿאָלג פֿון'ם גענעראַל-סטרייק, דען דורך דעם איינקויפֿען, אפילו נאָר פֿון די נויטווענדיגסטע פּראָדוקטען, וואָלט די מאַכט פֿון דעם אַלגעמיינעם סטרייק געבראָכען געוואָרען.

2) יעדער געוועהנליכער סטרייק, זאָגאַר דער גענעראַל־סטרייק פֿון אַ גאַנצע טרייד קען נאָר רעכנען אויף אַן ערפֿאָלג אין אַ גינסטיגע געשעפֿטס־פעריאָדע. דער סאָציאַלער גענעראַל־סטרייק קען אָבער זאָגאַר רעכנען אויף אַן ערפֿאָלג, ווען די געשעפֿטען געהען שלעכט, ד.ה. אין דער צייט פֿון אַן עקאָנאָמישען קריזיס, וועלכער איז ניט אַנדערש ווי דאָס רעזולטאַט פֿון אַ רעלאַטיווער „איבערפּראָדוקציאָן." די מאַגאַזינען זיינען אָנגעפֿילט מיט פּראָדוקטען און לעבענס־מיטלען, אָבער דאָס פֿאָלק איז צו אָרעם, אום זיי צו קויפֿען. אָבער שוין מאַרקס האָט אונז געצייגט, אַז יעדע רעוואָלוציאָן איז ביז יעצט געווען די פֿאָלגע פֿון אַן עקאָנאָמישען קריזיס, וועלכער האָט פֿערגרעסערט דאָס עלענד פֿון די מאַסען און אַרויסגערופֿען צווישען זיי אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג.

אין דער צייט פֿון דעם סאָציאַלען גענעראַל־סטרייק וועלען די פּראָלעטאַריער זעהר גוט פֿערשטעהן די נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע ערקלערונג פֿון אַ קריזיס, זיי וועלען גאַנץ געוויס בעגרייפֿען, וואָס זיי דאַרפֿען טהאָן, ווען מע זאָגט צו זיי: „ווייסט איהר, וואַרום איהר הונגערט יעצט מעהר ווי געוועהנליך? ווייל די מאַגאַזינען זיינען פֿול אָנגעשטאָפּט מיט קאָרן און פֿרוכט. ווייסט איהר, וואַרום איהר געהט אַרום אין אַלטע שמאַטעס, וואַרום איהר צימערט פֿון קעלט, איהר מיט אייערע פֿרויען און אייערע קינדער און געפֿינט ניט קיין אָרט, וואו איהר קענט רוהיג לעבען? ווייל עס גיט צופֿיל קליידער אין די גרויסע מאַגאַזינען און ווייל די בוי־שפּעקולאַנטען האָבען געלאָזט בויען צופֿיל הייזער". אַזוי איז זאָגאַר דער קריזיס, וועלכער איז ענטשטאַנען דורך די זאָגענאַנטע „איבערפּראָדוקציאָן", די בעסטע גאַראַנטי פֿאַר דעם ערפֿאָלג פֿון'ם גענעראַל־סטרייק, ווייל די פּראָדוקטען, וואָס זיינען פֿאַרהאַנען, גיבען דעם פֿאָלק די געלעגענהייטען צו בעפֿרידיגען זיינע בעדירפֿניסע אין דער צייט פֿון דער איבערגאַנגס־פעריאָדע, ווען קיין זאַך וועט ניט פּראָדוצירט ווערען.

גענעראַל־סטרייק איז אונטער די געגענווערטיגע אומשטענדען די איינציגע מעגלכיע פאָרם פון דער רעוואָלוציאָן, וועלכע איז דירעקט בעשטימט געוואָרען דורך דעם עקאָנאָמישען און טעכנישען כאַראַקטער פון'ם קאַפּיטאַליזמוס.

2) דער גענעראַל־סטרייק איז דער בעסטער מיטעל צו שטערען דעם גלייכגעוויכט פון דער געזעלשאַפט, דען ער ריכטעט זיך געגען איהרע פונדאַמענטאַלע גרונדלאַגען, די פּראָדוקציאָן און קאָנסומציאָן, די ערשטע בעדינגונגען פון איהר עקזיסטענץ.

3) דער גענעראַל־סטרייק איז דער קלאָהרסטער און לאָגישסטער אויסדרוק פון דער פּראָלעטאַרישער עמפּפעהרונג און דער נאַטירליכער רעזולטאַט פון די טעגליכע קאַמפּף־מיטלען, די סטרייקס.

4) דורך די צוטהיילונג פון דער מאָדערנער אינדוסטרי איז גענוג אָבצושטעלען עטליכע רעדער אין דעם קאָמפּליצירטען מעכאַניזמוס פון דער יעצטיגער פּראָדוקציאָן, אום אַרויסצורופען דעם שטילשטאַנד פון אַלע טריידס און אינדוסטרי־צווייגען.

5) דער גענעראַל־סטרייק פאָדערט קיין געלד ניט און האָט זאָגאַר אין אַן אונגינסטיגע געשעפטס־פעריאָדע מעהר אויסזיכט אויף ערפאָלג ווי אין אַ גינסטיגער.

6) דער גענעראַל־סטרייק קען רעכנען אויף דעם גרעסטען ערפאָלג ביי די מאַסען, ווייל ער פאַנגט זיך אָן גאַנץ פרידליך, פאָדערט פון קיינעם ניט קיין ספּעציעלען העלדענמוטהה און ווערט זאָגאַר אונטערשטיצט פון דייעניגע, וואָס האָבען מורא צו געהן אין גאַס און זיצען בעסער אין דערהיים.

7) דורך די אָבשטעלונג פון אַלע טראַנספּאָרט און פערבינדונגס־מיטלען איז עס אונמעגליך צו שיקען פּראָדוקטען און לעבענסמיטלען פון „רוהיגע" פלעצער. אין דערזעלבער צייט פערלירען די פּאָליטישע און מיליטערישע פיהרער די מעגליכקייט, זיך געגענזייטיג צו פערשטענדיגען.

8) דורך די אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט צו בעוואַכען די גרויסע שטעט, די צענטערס פֿון דער אינדוסטרי, דאָס פּריוואַט אייגענטהום פֿון די אויסבייטער, די אונצעהלבאַרע אייזענבאַהן־ליניען א.ז.וו. ווערט די אַרמעע דעסאָרגאַניזירט; ניט נאָר וואָס זי האָט אויפֿצוהאַלטען די „אָרדנונג", דאַרף זי אויך זאָרגען פֿאַר איהר אייגענעם אונטערהאַלט; די זעלנער וועלען אַליין דאַרפֿען פּראָדוצירען די נויטווענדיגסטע זאַכען און דורך דיזע אונגעהייערע צערשפּליטערונג פֿון דער אַרמעע איבער די גאַנצע לאַנד, איז דער זיעג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט אונפֿער־מיידליך.



# צווייטער טהייל.

## נאָך דעם גענעראַל־סטרייק.

I.

### די ארגאניזאציאן פון דער נייער געזעלשאפט.



אין דעם ערשטען טהייל פֿון דיזער שריפֿט האָבען מיר זיך אויסשליסליך בעשעפֿטיגט מיט דעם גענעראַלסטרייק אַלס אַ קאַמפּף־מעטהאָדע; ד.ה. מיר האָבען נאָר געצייגט זיין נעגאַטיווע, צושטערענדע זייט, אַלס מיטעל צו פֿערניכטען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿטס־אָרגאַניזאַציאָן.

אויב דאָס וואָלט שוין אין גאַנצען געווען די בעדייטונג פֿון'ם גענעראַל־סטרייק, אויב עס וואָלט זיך נאָר געהאַנדעלט אום אַ נייעס קאַמפּף־מיטעל, וואָלט דיזע אידעע ניט פֿער־דינט דעם נאָמען פֿון אַ וועלטאַנשויאונג און די פֿיעלע טויזענדע פּראָלעטאַריער אין שפּאַניען און פֿראַנקרייך וואָלטען זיך ניט איינפֿאַך גערופֿען „גענעראַל־סטרייקערס".

ניין, דער גענעראַל־סטרייק האָט ניט נאָר אַ נעגאַטיווען כאַראַקטער, ער האָט אויך אַ פּאָזיטיווע זייט און דערפֿאַר ענטהאַלט דיזע אידעע אַ גאַנצע וועלטאַנשויאונג. גראַדע אין בעצוג אויף דעם גענעראַלסטרייק האָבען מיר ווידער אַ בעווייז פֿאַר די טהאַטזאַכע, אַז די טהעאָריע שאַפֿט ניט די פּראַקטיק, נאָר פֿערקעהרט, די פּראַקטישע ערפֿאַהרונג שאַפֿט און ענטוויקעלט די טהעאָריע. אום מיך אויסצודריקען דייטליכער, מיינט עס, אַז דער אידעאַל פֿון דער צוקינפֿטיגער געזעלשאַפֿטס־אָרגאַניזאַציאָן איז דער פּראָדוקט פֿון דעם קאַמפּף געגען די יעצטיגע געזעלשאַפֿט. די שטרעבונגען פֿון דער צוקונפֿט, דער אידעאַל פֿון אַ רעאָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט ענטשטעהט און ענטוויקעלט זיך גאַנץ פֿון זיך זעלבסט אויס דעם געגענווערטיגען קאַמפּף פֿון'ם פּראָלעטאַריאַט געגען דעם קאַפּיטאַליזמוס.

מיר האָבען דאָס גאַנץ דייטליך געזעהן ביי דער ענטוויקלונג פֿון דער אַנאַרכיסטישער טהעאָריע, וועלכע איז ענטשטאַנדען אין דעם קאַמפּף געגען די צענטראַליסטישע דיקטאַטור פֿון דעם גענעראַל־ראַטה פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבּייטער־אַסאָציאַציאָן". די „אַליאַנץ דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטי", אַזוי האָט זיך דאַן גערופֿען די באַקוניסטישע אָפּאָזיציאָ, האָט פֿערטהיידיגט דעם פֿעדעראַליזמוס און די פֿרייע אָרגאַניזאַציאָן געגען די צענטראַליסטישע טענדענצען פֿון די מאַרקסיסטען. אַזוי האָט זיך ענטוויקעלט פֿון דער טאַקטיק און דער אינערליכער אָרגאַניזאַציאָן פֿון די ביידע ריכטונגען זייערע טהעאָריען און פֿאָרשטעלונגען וועגען דער צוקינפֿטיגער אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט. די צענטראַליסטען פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלע" זיינען היינט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, די פֿעדעראַליסטען זיינען געוואָרען אַנאַרכיסטען.

* * *

פונקט ווי אויס דער טאַקטיק פון די סטרייקס האָט זיך בּיסלעכוויין ענטוויקעלט די אידעע פון׳ם גענעראַל־סטרייק, אַזוי ענטוויקעלט זיך אויך דורך די אַגיטאַציאָן און פאָרבּע־רייטונג פאַר׳ן גענעראַלסטרייק אַלס אַ קאַמפף־מיטעל, די גאַנצע וועלטאַנשויאונג פון דער רעאָרגאַניזאַציאָן דער געזעל־שאַפט נאָך דעם זיעג פון׳ם פּראָלעטאַריאַט.

אַזוי ווי די סטרייקס זיינען צום גרעסטען טהייל אַרויסגע־רופען געוואָרען פון די אָרגאַניזירטע אַרבּייטער אין די געווערקשאַפטען, איז עס גאַנץ נאַטירליך, אַז אין די געווערקשאַפטען ווערט די אידעע פון׳ם גענעראַל־סטרייק צום מעהרסטען פּראָפּאַגאַנדירט. און די לאָגישע פאָלגען פון דיזער אַגיטאַציאָן לאָזט זיך שוין היינט גאַנץ קלאָהר בּע־שטימען: די געווערקשאַפטען, ד.ה. אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס עקזיסטירען שוין יעצט, וועלען נאָך דעם זיגרייכען פערלויף פון׳ם גענעראַל־סטרייק אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן און איבּערנעהמען די טעכנישע און אינדוסטריעלע איינריכ־טונגען פון דער נייער געזעלשאַפט.

עס איז פון אָנפאַנג אָן געווען דער גרונד־געדאַנק פון דער גענעראַל־סטרייק־אידעע, אַז די אַרבּייטער זאָלען זיך נאָך דעם זיעג פעראייניגען אין די געווערקשאַפטס־הייזער און אַרבּייטער־בּערזען און דורך זייערע אָרגאַניזאַציאָנען איבּערנעהמען די פּראָדוקציאָנסמיטלען. יעדע געווערקשאַפט וועט איבּערנעהמען די אַרבּייטס־אינסטרומענטען און רוי־שטאָפען פון איהר טרייד, און אַזוי וועט די אַלגעמיינע פּראָ־דוקציאָן זיך בּיסלעכוויין ווידער אָנפאַנגען.

פערשידענע צווייגען פון דער אינדוסטרי וועלען נאַטירליך אין גאַנצען אָבּגעשאַפט ווערען, ווי צ.ב.ש. די פאַבּריקאַציאָן פון וואַפען, געלד, קירכען־אַרטיקעל א.ז.וו. אַנדערע וועלען אָבּגעשאַפט ווערען פאַר אַ לענגערע צייט, ווי צ.ב.ש. די פּראָדוקציאָן פון לוקסוס־אַרטיקעל.

די וואַפען, וואָס זיינען פאַרהאַנען, וועט מען איבערשמעלצען און מאַכען פון זיי ניצליבע מאַשינען און אַרבייטס-געצייג; דורך דעם איז גלייכצייטיג פערניכטעט יעדע מעגליכקייט פאַר די ווידעראויפערשטעהונג פון דער ברוטאַלער געוואַלד, וועלכע האָט זיך שטענדיג געשטיצט אויף די וואָפען.

אַלע אַרבייטער פון די טריידס, וואָס זיינען אין גאַנצען אָבגעשאַפט געוואָרען, די מיליאָנען „אַדבייטסלאָזע," די טויזענדער געוועזענע אַגענטען און בעאַמטע פון די באַנקען, מאַגאַזינען, שווינדעל-ביוראָס א.ז.וו., די פריסטער, ריכטער, היינקער, פאָליציסטען, אָפיצירען, לאַקייען און מיניסטאָרען, וועלכע האָבען פלוצלונג פערלאָרען זייער „אַרבייט," די מיליאָנען בעפרייטע סאָלדאַטען, זיי אַלע וועלען געפינען גענוג בעשעפטיגונג פאַר יאָהרען לאַנג, אום אַרונטערצורייסען די עלענדע הייזלעך, די שמוציגע ווינקלען, וואו די אַרבייטער זיינען געצוואונגען געווען צו לעבען אין הונגער און קראַנקהייט, און אויפצובויען שעהנע, ריינע און געזונדע הייזער מיט אַלע בעקוועמליכקייטען פון אונזער צייט.

עס וועט אויך נעהמען אַ לאַנגע צייט, אום צו פערניכטען אַלע פינסטערע עראינערונגען פון דער טיראַניי, די געפענגניסע, קערקערס און פעסטונגען; די „רוימישע גאַלגאַנען," דען דער צלם איז אייגענטליך ניט אַנדערש ווי אַ רוימישער גאַלגאַן, וועלען אַרונטערגעריסען ווערען פון די קירכען און פאַלאַצען און די קירכען זעלבסט וועט מען פערוועגדען לויט זייער קינסטלערישען ווערטה—אָדער אַלס מאַגאַזינען און שטאַלען אָדער אַלס טהעאַטערע און פערזאַמלונגס-לאָקאַלען.

אַלע מאָנומענטען, וועלכע דערמאָהנען די מענשען אין די פאַטריאָטישע מאַסען-מערדערייען אָדער אָן די אַמאָליגע עקזיסטענץ פון קעניגע, מיניסטאָרען און אַנדערע טיראַנען און פאָלקס-אונטערדריקער, וועלען פערניכטעט ווערען; אויף זייערע פלעצער ייעט מען שטעלען די מאָנומענטען פון ד

ווירקליכע העלדען דער מענשהייט, די מאָנומענטען פון די אונצעהלבאַרע קעמפפער און מערטירער דער פרייהייט, די מאָנומענטען פון אַלע דיכטער און דיינקער, וועלכע האָבען די מענשהייט אַרויסגעפיהרט אויס דער פינסטערער נאַכט פון אונטערדריקונג און אַבערגלויבען צום ליכט פון דער פרייהייט.

נאָך דיזער איבערגאַנגס-פעריאָדע וועט זיך אויך גאַנץ געוויס דאָס קונסט-האַנדווערק ווידער ענטוויקלען, וועלכעס איז פון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטרי אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען; דען די זאָגענאַנטע לוקסוס-אינדוסטרי, וועלכע האָט פערנומען דעם פלאַץ פון דעם אַלטען קונסט-האַנדווערק, איז אויסערליך גלענצענדער, שטעהט אָבער אין דער ווירקליכקייט פיל נידריגער, ווי דיזע אַלטע פאָרם פון דער אינדוסטרי.

טהוט נאָר אַ קוק אויף די וואונדערבאַרע אַרכיטעקטורען פון דעם מיטעלאַלטער, וועלכע זיינען ענטשטאַנען אין דער צייט פון די פרייע האַנדווערקער-פעראייניגונגען! ווי רייך און פערשידענאַרטיג זיינען די [illegible]אָרען און די אַלטע קאַטהעדראַלען און קירכען, אין די אַלטע פאַלאַצען און אוניווערזיטעטען! מען קען באַלד זעהן, אז דאַן האָבען די אַרבייטער געאַרבייט נאָך זייער אייגענעם געשמאַק, קיינער האָט זיי ניט געיאָגט, ווי אונטער דעם קאַפּיטאַליסטישען אויסבייטונגס-סיסטעם, וועלכעס האָט געמאַכט פון דעם אַרבייטער אַ געוועהנליכען אויטאָמאַט אָהן אַ געשמאַק, אָהן אַ געדאַנק, דורך די צוטהיילונג פון דער אַרבייט. עס איז קיין צווייפעל, אַז די אַרבייט וועט זיך שפּעטער ווידער פערוואַנדלען אין אַ קונסט, ווייל זי וועט זיין פריי פון יעדען צוואַנג און יעדער טיראַניי, און אַזוי ווי יעדע קונסט איז אַ פריידע, אַ געַנוס פאַר דעם קינסטלער, אַזוי וועט אויך די פריידע, וועלכע וועט בעגייסטערען דעם אַרבייטער-קינסטלער ביי זיין אַרבייט, זיין אַ

מעכטיגער פאַקטאָר פאַר די ענטוויקלונג פון די אינדיווידועלע פעהיגקייטען און אַ זיכערע גאַראַנטי פאַר אַ רייכע פּראָ־דוקציאָן, וועלכע וועט זיין אימשטאַנדע צו בעפרידיגען אַלע בעדירפניסע. דורך די פערשידענהייט פון די מענשליכע פעהיגקייטען און נייגונגען וועלען אַלע בעדירפניסע און פאָדערונגען געפינען זייער בעפרידיגונג.

* * *

אַם דייטליכסטען צייגט זיך אַרויס דער בעוואוסטזיין פאַר די גרויסע היסטאָרישע מיסיאָן פון די פרייע אַרבייטער־פעראייניגונגען אין פראַנקרייך, ווי די „וואָס די פעפעל" האָט עס בעוויזען, דער אָרגאַן פון די פראַנצויזישע געווערקשאַפטען, וועלכע בעשעפטיגט זיך הויפטזעכליך מיט דער פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר'ן גענעראַל־סטרייק.

די פראַנצויזישע טרייד־יוניאָניסטען זיינען אָרגאַניזירט אויף אַזאַ מין אַרט: די אַרבייטער פון אַ געוויסע טרייד פעראייניגען זיך אין יעדער שטאָדט און פאָרמירען אַ סענדיקאַט, אַ גע־ווערקשאַפט. לאָמיר אָננעהמען פאַר אַ ביישפּיל, אַז אין דער שטאָדט א. אָרגאַניזירען זיך די סטאָליאַרעס אין אַ טרייד־יוניאָן. די אַרבייטער פון אַלע אַנדערע טריידס טועהן דאָסזעלבע. אַלע טרייד־יוניאָנס פון אַ שטאָדט פעראייניגען זיך אין דער „בורז דע טראַוואַי", אין דער „אַרבייטער־בערזע." דאָרטען האַלט מען אָב די פערזאַמלונגען אין די אָבענד־קלאַסען; מען אַראַנזשירט דאָרט אונטערנעהמונגען און בעראַטה זיך וועגען אַלע געמיינשאַפטליכע אַנגעלעגענהייטען. די „אַרבייטער־בערזע" איז אַלזאָ די געמיינשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן פון אַלע טרייד־יוניאָנס אין דערזעלבער שטאָדט. אָבער דאָס איז ניט אַלעס. די אַרבייטער־בערזען פון אַלע שטעט אין פראַנקרייך זיינען פעראייניגט אין אַ גרויסע פעדעראַציאָן, ד.ה. אין אַ פערבאַנד פון אַלע אַרבייטער־בערזען. אויסערדעם איז אָבער יעדע טרייד־יוניאָן אין אַ געוויסע שטאָדט אַ גליד פון אַן

אַלגעמיינעם נאַציאָנאַל־פֿערבאַנד פֿון דער בעטרעפֿענדער טרייד; צ.ב.ש. אַלע געווערקשאַפֿטען פֿון סטאָליאַרעס בע־לאַנגען צו דעם „אַלגעמיינען פֿערבאַנד פֿון די פֿראַנצויזישע סטאָליאַרעס." דיזער אַלגעמיינער פֿערבאַנד פֿון אַ געוויסע טרייד בילדעט ווידער אַ גליד פֿון אַ זאַגענאַנטען אינדוסטרי־פֿערבאַנד; אַזוי איז צ.ב.ש. דער „אַלגעמיינער פֿערבאַנד פֿון די פֿראַנצויזישע סטאָליאַרעס" אַ טהייל פֿון דעם „אַלגעמיינעם האָלץ־אַרבייטער פֿערבאַנד" א.ז.וו. די אַלע נאַציאָנאַלע אינ־דוסטרי־אָרגאַניזאַציאָנען זיינען ווידער פֿעראייניגט אין אַ גרויסע געמיינשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן, די „קאָנפֿעדעראַסיאָן זשענעראַל די טראַוואַי," דער „אַלגעמיינער אַרבייטס־פֿערבאַנד." אַזוי האָבען מיר אַלזאָ צוויי גרויסע פֿעראייניגונגען, דעם „אַלגעמיינען אַרבייטס־פֿערבאַנד" און די „פֿעדעראַציאָן פֿון די אַרבייטער־בערזען," וועלכע זיינען אייננ פֿערבונדען מיט איינאַנדער און ציהען אויס זייערע גלידער איבער גאַנץ פֿראַנקרייך ווי אַ ריזיגע נעץ.

זעלבסטפֿערשטענדליך זיינען אַלע געווערקשאַפֿטען פֿרייע און זעלבסטשטענדיגע קערפּערשאַפֿטען; עס גיט ניט קיין עקזעקוטיוו־קאָמיטע, קיין גענעראַלראַטה א.ז.וו., זאָנדערען נאָר אַ קאָמיטע פֿאַר די געגענזייטיגע פֿערשטענדיגונג און קאָרעספּאָנדענץ.

פֿון מאָנאַט יוני ביז אָקטאָבער 1902, האָט די "וואָאַ די פּעפּעל" געעפֿענט אַן עפֿענטליכע דיסקוסיאָן אין איהרע שפּאַלטען און געפֿאָדערט פֿון יעדער געווערקשאַפֿט, זי זאָל ערקלערען, וואס פֿאַר אַ ראָלע זי וועט איבערנעהמען נאָך דעם זיגרייכען גענעראַל־סטרייק אין בעצוג אויף די אָרגאַניזאַציאָן און די פֿונקציאָנען פֿון דער נייע געזעלשאַפֿט*). די צייטונג

*) אַן עהנליכע דיסקוסיאָן איז אויך אָנגעפֿיהרט געוואָרען אין דער שפּאַ־נישער צייטונג "לאַ הועלגאַ בענעראַל", דער גענעראַל־סטרייק—נומער 11 ביז 20, יאַהרגאַנג 1903 — און די צאַהלרייכע אינטערעסאַנטע ענטפֿערס האָבען געהאַט דעמזעלבען כאַראַקטער, ווי די, אין דער "וואָאַ די פּעפּעל."

האט פערעפענטליכט אַ געוואַלדיגע צאָהל ענטפערס פון די פערשידענסטע געווערקשאַפטען און אָרגאַניזאַציאָנען, און מערק־ווירדיגער פון אַלעס איז געווען דער פאַקט, אַז כמעט אַלע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען פאָלשטענדיג איינשטימיג געווען אין זייערע אַנשויאונגען. אויסער די אַלגעמיינע פונקטען האָט יעדע געווערקשאַפט ספּעציעל ערקלערט איהר אייגענע שטע־לונג אין דער נייער אָרגאַניזאַציאָן פון דער פּראָדוקציאָן, וועלכע וועט זיך אנפאַנגען נאך דעם זיג פון׳ם גענעראַל־סטרייק. אַזוי האָט צ.ב.ש. דער סעקרעטער פון די "פעראיי־ניגטע לוקסוס־אינדוסטריען" געענטפערט אין דעם נאָמען פון זיין געווערקשאַפט, דאָס אַלע מיטגלידער זיינען איבערצייגט אַז זייער טרייד מוז זיך אָבשטעלען אויף אַ געוויסע צייט נאָך דעם גענעראַל־סטרייק, אַבער אַלע זיינען זיי פעסט ענטשלאָסען צו נעהמען אַנטהייל אין אַנדערע אַרבייטען; נאָר אַלס גע־ווערקשאַפט קענען זיי זיך ניט בעטהייליגען אין דער נייער אָרגאַניזאַציאָן פון דער געזעלשאַפט.

אַלע געווערקשאַפטען האַבען איינשטימיג ערקלערט, אַז זיי קענען זייער אויפגאַבע פאַר דער צוקונפט, און באַלד נאָך דעם זיג וועלען זיי איבערנעהמען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון זייער טרייד און פאָרטזעצען די פּראָדוקציאָן.

אין קורצע ווערטער, איז די אַלגעמיינע מיינונג פון די פּראָנצויזישע געווערקשאַפטען אין בעצוג אויף דיזע פראַגע, ווי פאָלגט: די „קאָנפעדעראַסיאָן זשענעראַל די טראַוואַי", ד.ה. די "אַלגעמיינע אינדוסטרי־פעראייניגונגען" וועלען האַבען די אויפגאַבע צו פערזאָרגען די פערשידענע פּראָדוקציאָנס־געווערקשאַפטען מיט רויסטאָפען און פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די "פעדעראַציאָן פון די אַרבייטער־בערזען" וועט זיך בעשעפ־טיגען מיט דער אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער זייטע פון׳ם לעבען, מיט דער ערציהונג, דער בילדונג, דעם פער־

גניגען און הויפּטזעכליך מיט דער סטאַטיסטיק פון די בע־
דירפניסע אין יעדער געגענד.

דורך דיזע אַלגעמיינע סטאַטיסטיק פון יעדער אַרבייטער בערזע, איז דער "אַלגעמיינער פערבאַנד פון דער אַרבייט" און די "פעדעראַציאָן פון די אַרבייטער־בערזען" זעהר לייכט אומ־שטאַנדע צו פערזאָרגען אַלע אָרגאַניזאַציאָנען מיט די נויט־ווענדיגע רוישטאָפען און פּראָדוקטען. יעדער איינער קען דאַן בעפרידיגען זיינע ספּעציעלע בעדירפניסע אין די עפענטליכע מאַגאַזינען, דען די פּראָדוקציאָן דער צוקונפט וועט בעשטימט ווערען דורך די בעדירפניסע. אַזוי ענטוויקעלט זיך גאַנץ נאַטירליך די אָרגאַניזאַציאָן דער צוקונפט פון די אָרגאַניזאַ־ציאָנען און טרייד־יוניאָנס, וועלכע עקזיסטירען שוין היינט.

אין זייער פרייער צייט וועלען זיך די אַרבייטער, וועלכע וועלען דאַן מעהר ניט שמאַכטען אונטער דער שרעקליך לאַנגער אַרבייטס־צייט ווי היינט, בעשעפטיגען מיט טויזענדער אַנדערע זאַכען; אונצעהלבאַרע פעראיינע און געזעלשאַפטען וועלען זיך ענטוויקלען, ווייל די פּערזענליכע נייגונגען און פעהיגקייטען קענען זיך פריי מאַניפעסטירען. די איינע וועלען פערברייגגען זייער פרייע צייט אין וויסענשאַפטליכע געזעל־שאַפטען און קונסט־פעראייניגונגען; די אַנדערע אין סאַני־טאַרע אָרגאַניזאַציאָנען און בילדונגס־אינסטיטוטען. אָט אַזוי וועט ענטשטעהן אַ ריזיגע נעץ פון גרופען, פעראיינע און פּראָדוקציאָנס־געווערקשאַפטען אָהן אַ בעשטימטען צענטראַל־פּונקט אָדער אַ ספּעציעלע עקזעקוטיוו־קאָמיטע.

II.

# די אגריקולטור.

ווי באַלד די עפענטליכע מאַכט איז פערניכטעט געוואָרען דורך דעם זיג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין די שטעט, דעם

זיג פון'ם גענעראַל־סטרייק, גיט עס זעלבסטפערשטענדליך ניט מעהר קיין שוץ פאַר דאָס "איינענטהום" פון די גרונד־בעזיצער און די פראָצענטניקעס אין די דערפער, וועלכע האָבען זייט יאַהרהונדערטע די בויערן בערויבט און בע־גנב'עט. זאָגאַר די רעאַקציאָנערסטע בויערן, וועלכע האָבען שטענדיג אונטערשטיצט די קלעריקאַלע, און וועלכע האָבען זיך קיינמאָל ניט געקענט בעגייסטערען פאַר די שטאַאַטס־רעקרעטען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, זאָגאַר זיי וועלען זיך געוויס בענוצען מיט דער געלעגענהייט און עקספראָ־פּריאירען די לאַנד פון די גרויסע הערען. די אַלטע טראַ־דיציאָנען פון דעם זאָגענאַנטען דאָרף־קאָמוניזמוס, וועלכע זיינען נאָך ניט אין גאַנצען אָבגעשטאָרבען, וועלען ווידער אָננעהמען אַ רעאַלע געשטאַלט; די וועלדער און פעלדער פון די גרויסע גרונדבעזיצער וועלען פערוואַנדעלט ווערען אין געמיינשאַפטליכעס איינענטהום אונטער דער פערוואַלטונג פון די לאַנד־ווירטהשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־געווערקשאַפטען.

דורך די נאַטירליכע פעראייניגונג פון די אינדוסטריע־אַר־בייטער און פעלד־אַרבייטער וועט דאָס פרימיטיווע סיסטעם פון דעם מאָדערנעם אַקערבוי באַלד פערבעסערט און פער־פאָלקאָמט ווערען; די פּראָדוקציאָנס געווערקשאַפטען פון דער אינדוסטרי וועלען די בויערן פאַרזאָרגען מיט גוטע מאַ־שינען און מעכאַנישע ווערקצייגע און דורך דיזע איינגע פער־בינדונג צווישען די אַרבייטס־אָרגאַניזאַציאָנען אין די שטעט און דערפער וועלען באַלד פערשווינדען די לעצטע גרענעץ־שטיינער פון די קליינע בויערן־גיטער, דען זייערע בעזיצער וועלען באַלד בעגרייפען, אַז די קאָמוניסטישע פּראָדוקציאָן איז פראַקטישער און פאָרטהיילהאַפטער פאַר יעדען איינעם. אַזוי וועט זיך לאָגישער ווייזע ענטוויקלען דער דאָרף־קאָמו־ניזמוס, וועלכער איז פאַר די בויערן פאָרלויפיג די בעסטע און פּראַקטישסטע אָרגאַניזאַציאָן, איידער דער אונטערשיד

צווישען "שטאָדט און לאַנד" וועט אין גאַנצען פערשוואונדען ווערען. און דיזע פאָרם פון דער אַגריקולטורעלע טהעטיגקייט שטעהט פאָלשטענדיג אין אַנקלאַנג מיט דער אָרגאַניזאַציאָן פון די אינדוסטריעלע געווערקשאַפטס־גרופען.

מיר האָבען שוין פריהער ערקלערט, אַז דורך דעם אונ־טערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט וועלען זיך פלוצלונג געפינען מיליאָנען אַרבייטס־קרעפטע, וועלכע האָבען זיך פריהער געמוזט בעשעפטיגען מיט טויזענדער אוננוצליכע און שעדליכע זאַכען; איין טהייל פון דיזע אַרבייטס־קרעפטען, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, וועט האָבען די אויפ־גאַבע צו שאַפען בעקוועמע וואוינונגען פאַר דאָס פאָלק, דער אַנדערער טהייל וועט זיך נעהמען צו דער פעלד־אַרבייט. ביז יעצט זיינען אַלע פאָרטשריטע פון דער מאָדערנער וויסענ־שאַפט און טעכניק כמעט אויסשליסליך פערווענדעט געוואָרען פאַר די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטרי; אָבער די אַגרי־קולטור, דער אַקערבוי, געפינט זיך אין די מעהרסטע לענדער נאָך אין דעמזעלבען צושטאַנד ווי מיט 4,000 יאָהר צוריק. אין דער נייער געזעלשאַפט וועלען זיך טויזענדער אינטעלי־גענצען בעשעפטיגען מיט דיזער זייטע פון דער פראָדוקטיווער טהעטיגקייט און אָנווענדען אויף דיזען געביט אַלע מאָדערנע רעזולטאַטען פון דער וויסענשאַפט און בעמיע. און ווייל די פראָדוקציאָן וועט דאַן ניט מעהר בעשטימט ווערען דורך דעם פראָפיט פון איינעגע קאַפּיטאַליסטישע רויבערס, זאָנדערן דורך די אַלגעמיינע בעדירפניסע פון'ם פאָלק, וועט זיך די אַגרי־קולטור אין אַ קורצע צייט גאַנץ געוואַלדיג ענטוויקלען.

דורך גרויסאַרטיגע וואַסערלייטונגען און אַ וויסענשאַפטליכע "גאַרטען־קולטור", דורך די בעאַרבייטונג פון דער ערד דורך פראַקטישע מאַשינען און פיעלע אַנדערע הילפס־מיטלען איז עס מעגליך די פרוכטבאַרקייט פון דער ערד צו פערצעהנ־פאַכען, נאָכמעהר, מען קען איהר זאָגאַר פערהונדערטפאַכען.

דורך דיזע ענטוויקלונג פון דער אַגריקולטור וועט די פראַגע פון דער מענשליכער ערנעהרונג, דורך וועלכע גרויסע רעוואָלוציאָנען זיינען שוין צו גרונדע געגאַנגען, געלייזט ווערען און דער אַלגעמיינער וואָהלשטאַנד איז גאַראַנטירט.

אַ פּאָר שטונדען פעלד-אַרבייט אַ טאָג וועהרענד איינינגע וואָכען אין יאָהר מיט מאַשינען און צוועקמעסיגע אַרבייטס-אינסטרומענטען איז איינפאַך אַ פערגניגען, אַן אַנגענעהמע ערהאָלונג פאַר אַלע איינוואוינער פון די שטעדט.

קראָפּאָטקין בעהאַנדעלט דיזע פראַגע אויספיהרליך אין זיינע ביכער "פיעלדס, פעקטאָרים ענד וואָרקשאָפּס" און "די עראָבערונג פון'ם ברויט" און בעווייזט אונז דורך סטאַטיסטישע בעריכטע, דאַס אפילו אין די לענדער, וועלכע בעציהען גע-גענווערטיג לעבענסמיטלען פון אויסלאַנד, איז פאַרהאַנען גענוג ערד, אום רייכליך צו ערנעהרען דאָס גאַנצע פאָלק, ווען מען וואָלט זיך מעהר בעשעפטיגט מיט דער אַגריקולטור, ווי מען האָט עס ביז יעצט געטהאָן. פאָלגליך האָבען מיר ניט וואָס מורא צו האָבען, דאַס אויב דאָס פּראָלעטאַריאַט וועט זיגען אין אַ בעשטימטען לאַנד, קען מען אויסהונגערן די אַרביי-טער, מיט דעם וואַס מען שיקט זיי ניט קיין לעבענס מיטעל פון אויסלאַנד.

***

מיר זעהען אַלזאָ, אַז די אידעע פון'ם גענעראַל-סטרייק האָט ניט נאָר אַ נעגאַטיווע, אַ צושטערענדע קראַפט, זי טראָגט אויך אין זיך אַלע עלעמענטען פון דער רעאָרגאַני-זאַציאָן דער געזעלשאַפט און פערדינט דערפאַר מיט רעכט דעם נאָמען פון אַ וועלטאַנשויאונג.



III.

# די געשיכטליכע ענטוויקלונג פון דער גענעראַל־סטרייק אידעע.

פאַר פיעלע אַרבייטער איז די גענעראַל־סטרייק אידעע אַ גאַנץ נייע ערשיינונג. זי איז ענטשטאַנדען, אַזוי ווי כמעט אַלע גרויסע אידעען פון דער אַרבייטער־קלאַסע צווישען דעם פראָלעטאַריאַט פון די ראָמאַנישע לענדער און דאָרטען האָט זי זיך אויך אַם שטאַרקסטען ענטוויקעלט.

דעם ערשטען מאָל איז די גענעראַל סטרייק־אידעע דיסקוּטירט געוואָרען אויף דעם קאָנגרעס פון די פעדערירטע געווערקשאַפטען און קאָרפּאָראַטיווע גרופּען פון פראַנקרייך, וועלכער האָט שטאַטגעפונען אין 1888 אין באָרדאָ. זייט דעם איז דיזע אידעע אָנגענומען געוואָרען פון דער גרויסער מאַיאָריטעט פון אַלע פראַנצויזישע געווערקשאַפטס־קאָנגרעסען: 1892 אין מאַרסעל, 1893 אין פּאַריז, 1894 אין נאַנט, 1895 אין לימאָזש, 1896 אין טור, 1897 אין טולוז, 1898 אין רען, 1900 אין פּאַריז, 1901 אין ליאָן און 1902 אין מאָנפעליע. איינער פון די ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטען פאַר דעם גענעראַל־סטרייק איז געווען ד אָ מ ע ל אַ נ י וו ע נ ה וי ז, דער געוועזענער פיהרער פון דער האָלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטי, וועלכער האָט זיך אָבער זיינע די לעצטע עטליכע יאָהר געשטעלט אויף די זייטע פון'ם רעוואָלוציאָנערען קאָמוניסטישען אַנאַרכיזמוס, נאָכדעם ווי ער האָט געזעהן דעם באַנקראָט פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער סאָציאַל־דעמאָקראַטי. די גרויסע מאַיאָריטעט פון אַלע אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין האָלאַנד זיינען איהם נאָכגעפאָלגט. אין שפּאַניען איז אין אָקטאָבער 1900 אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ קאָנגרעס אין מאַדריד, אויף וועלכען 52,000 אַרבייטער זיינען פערטרעטען געווען דורך 213 דעלעגאַטען. אויף דיזען קאָנגרעס איז איינשטימיג בע־

שלאָסען געוואָרען אָנצופֿיהרען די פּראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר'ן גענעראַל־סטרייק אַלס דעם ציעל פֿון די געווערקשאַפֿטען און אַלס אַ מיטעל צו בעפֿרייען די פּראָלעטאַריער.

אין אַלע שפּראַכען זיינען ערשינען און ערשיינען נאָך ציי־טונגען און בראָשורען, וועלכע האָבען די ספּעציעלע אויפֿגאַבע צו פֿערשפּרייטען די אידעע פֿון'ם גענעראַל־סטרייק צווישען די מאַסען און זיי צו ערקלערען די אונבעזיגבאַרקייט פֿון דיזער פֿאָרם פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. אין פּאַריז ערשיינט וועכענטליך די "וואָאַ די פּעפּעל" (פֿאָלקסשטימע), דער אָפֿיציעלער אָרגאַן פֿון די פֿראַנצויזישע געווערקשאַפֿטען און „ל'אַקסיאָן דירעקט", (די דירעקטע אַקציאָן) אַ מאָנאַטשריפֿט. אין באַרצעלאָנאַ, שפּאַניען, ערשיינט די "הועלגאַ כענעראַל", (גענעראַל־סטרייק) ; אויסער דעם פּראָפּאַגאַנדירען אַלע אַנאַרכיסטישע צייטונגען אין שפּאַניען (מעהר ווי 20) די אידעע פֿון'ם גענעראַל סטרייק. אין לאָנדאָן האָבען די פֿראַנצויזישע און איטאַליענישע גענאָסען אַרויסגעגעבען אַ צייטונג אין צוויי שפּראַכען "לאַ גרעוו זשענעראַל" און "לאַ שיאָפּעראָ דזשענעראַלע" (דער גענעראַל סטרייק), געגענווערטיג ערשיינט דאָס בלאַט אונטער דעם טיטעל "די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן", זייט אָקטאָבער 1903 ערשיינט אויך אין לאָנדאָן אַן ענגלישע צייטונג "דהע דזשענעראַל־סטרייק" און מיט איניגע וואָכען צוריק איז ערשינען אין גלאַזגוי דער ערשטער נומער פֿון די "וואָיס אָף לייבאָר", וועלכע פּראָפּאַגאַנדירען ביידע דעם גענעראַל־סטרייק.

הונדערטע פֿון לידער אין די פֿערשידענע ראָמאַנישע שפּראַכען פֿערהערליכען דעם גענעראַל־סטרייק אַלס די קומענדע זיגרייכע סאָציאַלע רעוואָלוציאָן ; זיי געהען פֿון מויל צו מויל און בעגייסטערען די הערצער פֿון די פּראָלעטאַריער.

אַזוי ווי יעדע אַנדערע גרויסע אידעע, האָט אויך דער גענעראַל־סטרייק שוין דורכגעמאַכט זיינע ערשטע בלוטיגע

קעמפּפע. עס זיינען געוועזן די ערשטע פּערזוכע, איידער עס וועט זיך אָנפאַנגען דער גרויסער ענטשיידונגס קאַמפף. אויך אין דער געשיכטע געפינען מיר ביי די גרעסטע דיכטער און דענקער מעהר אָדער וויינינגער בעוואוסטע אָנדייטונגען וועגען דעם אַלגעמיינעם סטרייק.

שוין 494 יאָהר בעפאָר די קריסטליכע צייטרעכנונג האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט שטאַטגעפונען אין אַלטען רוים די בעריהמטע „Secessio in montem sacrum“ "דער אויסצוג פון די פּלעבעיער אויף דעם הייליגען באַרג". די פּלעבעיער, ד.ה. די פּראָלעטאַרישע קלאַסע, האָבען דאַן אַוועקגעלייגט די אַר־בייט און האָבען געפאָדערט די גלייכע רעכטע ווי די פּאַ־טריציער, די רוימישע אַריסטאָקראַטען. די פאָלגען פון דיזען ערשטען גענעראַל־סטרייק אין דער געשיכטע איז געוועזן אַ פאָלשטענדיגער זיג פון די פּלעבעיער. אָבער לאָמיר זיך בעסער צוריקקעהרען צו דער געגענוואַרט. איינער פון די ערשטע, אָבוואָהל אונבעוואוסטע פּראָפעטען פון׳ם גענעראַל־סטרייק, איז געוועזן מיראַבאָ, ווען ער האָט אין 1789 צוגערופען די פּריווילעגירטע אין דער „פראַנצויזישער נאַ־ציאָנאַל־פערזאַמלונג" די דראָהענדע ווערטער: „זייט פאָר־זיכטיג! רופט ניט אַרויס דעם צאָרן פון דיזען פאָלק, וועלכעס פּראָדוצירט אַלצדינג. זיי דאַרפען נור אַוועקלייגען די אַרבייט, אום אייך צו מאַכען ציטערען!"

56 יאָהר שפּעטער האָט מאַקס שטירנער געשריבען אין זיין בעריהמטען בוך, „דער איינציגער און זיין אייגענ־טהום" די פאָלגענדע ווערטער: „די ארבייטער האָבען די גאַנצע מאַכט אין זייערע הענד, און אויב זיי וואלטען נאָר געהאַט דעם בעוואוסטזיין פון זייער מאַכט, וואָלטען זיי געוועזן אונבעזיגבאַר. זיי וואָלטען מעהר נ׳ט געדאַרפט, ווי אַוועקצו־לייגען די אַרבייט און בעטראַכטען די פּראָדוקטען וואָס זיינען פאַרהאַנען, אַלס זייער אייגענטהום. דאָס איז אויך דער זין

פון די פערשידענע אַרבייטער־רעוואָלטען, וועלכע ברעכען אויס דאָ און דאָרט."

אויך די פּאָעטען זיינען בעאיינפלוסט געוואָרען פון דיזער גרויסער אידעע. ווער קען ניט די וואונדערבאַרע ווערטער פון זשאָרזש הערווענה."

„מאַן דער אַרבייט, אויפגעוואַכט,
„און בעגרייף שוין דיינע מאַכט!
„אַלע רעדער שטעהען שטיל,
„ווען דיין שטאַרקע האַנד עס וויל!"

וואָלטען דיזע הערליכע ווערטער ניט געקענט דינען אַלס א מאָטאָ פאַר די אידעע פון'ם גענעראַל־סטרייק?

דער גרויסער ענגלישער דיכטער וויליאַם מאָריס דערצעהלט אונז אין זיין וואונדערבאַרען צוקונפטס־טרוים פון אַ פרייע געזעלשאַפט "News from Nowhere„ ווי די אַלטע געזעלשאַפט איז געשטירצט געוואָרען דורך איינינע רעוואָלוציאָנערע גענעראַל־סטרייקס, וועלכע האָבען דורכגעבראָכען אַ פרייען וועג פאַר די ענטוויקלונג און אָרגאַניזאַציאָן פון דער נייער געזעלשאַפט.

אָבער ניט נאָר אָראַטאָריק, פילאָזאָפיע און פּאָעזי שטעהען ביי דעם וויגעלע פון דער גענעראַלסטרייק־אידעע, זאָנדערן אויך בלוט און טרעהרען.

דער ערשטער גענעראַל־סטרייק, וועלכער איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין אונזער צייט, איז געוועזען דער אַלגעמיינער סטרייק אין אַלקאָאי, אַ בעקאַנטע אינדוסטרי־שטאָדט אין דער שפּאַנישער פּראָווינץ אַליקאַנטע, וועלכער איז פּראָקלאַמירט געוואָרען דעם 8־טען יולי 1873 פון דער שפּאַנישער פעדעראַציאָן פון דער „אינטערנאַציאָנאַלע". דאָס ציעל פון דיזען סטרייק איז ניט געווען אַ מאָמענטאַנע לוין־פערבעסערונג, זאָנדערן די „סאָציאַלע ליקווידאַציאָן", ד. ה. די אָבברעכונג מיט דער אַלטער געזעלשאַפט און די אָרגאַניזאַציאָן פון אַ פרייען גע־

זעלשאַפטס־סיסטעם. עס איז געווען אין דער צייט פון דער שפּאַנישער רעוואָלוציאָן און די אַרבייטער פון אַלקאָאי האָבען פאָרלויפיג געוואָלט דורכפיהרען זייערע פאָדערונגען אין זייער קאָמונע. 3.000 אָרגאַניזירטע אַרבייטער, וועלכע האָבען בע־לאַנגט צו דער „אינטערנאַציאָנאַלע", זיינען גאַנץ לייכט אימ־שטאַנדע געוועזן צו בעאיינפלוסען 10.000 אַרבייטער און אָבצושטעלען די גאַנצע פּראָדוקציאָן. נאָכדעם איז ענטשטאַנדען דער קאַמפּף צווישען די אַרבייטער און די זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט מיט דער בעוואָפענטער בור־זשואזי. די אַרבייטער זיינען געבליבען די זיגער; די גאַנצע שטאָדט איז געווען אין זייערע הענד. מען האָט פערברענט די אַרכיוון און אייגענטהומס־דאָקומענטען, נאָר די „סאָציאַלע ליקווידאַציאָן" האָט ליידער ניט געקענט דורכגעפיהרט ווערען, דען די זיגרייכע זעלנער פון דער רעגירונג האָבען שפּעטער ווידער צוריק ערָאָבערט די שטאָדט.

ווען די אַמעריקאַנער אַרבייטער האָבען זיך פאָרבערייט אין 1886 צו עראָבערן דעם אַכט שטונדען אַרבייטס־טאָג, האָבען זיי אפילו ניט געקלערט, צו עס וואָלט פּראַקטיש געווען אַנ־צואווענדען די פּאַרלאַמענטאַרישע טאַקטיק, ניין, זיי האָבען איינפאַך בעשלאָסען, דאָס אַם 1טען מאַי זאָל פּראָקלאַמירט ווערען דער גענעראַל סטרייק פאַר די גאַנצע פעראייניגטע שטאַאַטען, אום צו עררייכען זייער ציעל. אַם 1טען מאַי 1886 האָבען 260.000 מאַן אַוועקגעלייגט די אַרבייט אין די פער־אייניגטע שטאַאַטען; אין טשיקאַגאָ אַליין זיינען 40.000 אַר־בייטער אַרויס אין סטרייק.

די ברוטאַלע אַטאַקען פון דער טשיקאַגאָער פּאָליציי אויף אַ פרידליכער אַרבייטער דעמאָנסטראַציאָן אַם 4־טען מאַי און שפּעטער אויף אַ רוהיגע פערזאַמלונג אויף דעם היימאַרקעט אין טשיקאַגאָ, וואו אַן אונבעקאַנטער אַרבייטער האָט געשלײ־דערט אַ באָמבע צווישען די פּאָליציסטען, אום צו שיצען די

פֿערזאַמעלטע מענשען פֿאַר די מערדערישע רעוואָלווערס פֿון די פּאָליציסטען, איז געווען דער סיגנאַל צו אַרעסטירען אַלע רעדנער און פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון׳ם גענעראַל-סטרייק. די שענדליכע געריכטס-קאָמעדיע פֿון די אַמעריקאַנער יוסטיץ-מערדערס געגען די אַנאַרכיסטישע אַרבייטער-אַגיטאַטאָרס איז אַלעמען בעקאַנט. די שטימען פֿון פּאַרסאָנס, שפּיעז און זייערע אַנדערע גענאָסען זיינען אויף אימער דערשטיקט געוואָרען אויף דעם היסטאָרישען גאַלגאַן פֿון טשיקאַגאָ; דען די אַמעריקאַנער בורזשואַזי האָט זאָפֿאָרט בעגריפֿען די פֿורכטבאַרע בעדייטונג פֿון׳ם גענעראַל-סטרייק, און זי האָט זיך ניט אָבגעשראָקען פֿאַר קיין מיטעל, אום צו פּאַראַליזירען דיזע אַגיטאַציאָן.

און וואָס איז דען די אינטערנאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציאָן אַם 1טען מאַי? איז זי ניט אַ קינד פֿון דעם גרויסען גענעראַל-סטרייק אין אַמעריקאַ? דערמאָהנענדיג זיך אין דעם גרויסען קאַמפּף פֿון דעם אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט פֿאַר דעם 8 שטונדען אַרבייטס-טאָג, האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטען-קאָנגרעס פֿון פּאַריז אין 1889 אָנגענומען מיט בעגייסטערונג דעם פֿאָרשלאַג, אַז די אַרבייטער פֿון אַלע לענדער זאָלען אַם 1-טען מאַי אַוועקלייגען די אַרבייט און דעמאָנסטרירען פֿאַר דעם 8 שטונדען אַרבייטס טאָג.

איז דיזער בעשלוס ניט געווען אַ סימבאָליזירונג פֿון דעם גענעראַל-סטרייק? און איז עס ניט אַ וואונדערליכע ערשיינונג, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פֿיהרער — אָבוואָהל זיי בעקעמפֿפֿען שטענדיג די אידעע פֿון׳ם גענעראַל סטרייק—בענוצען זיי זיך דאָך מיט דיזען מיטעל, ווען עס האַנדעלט זיך צו עראָבערען געוויסע פּאָליטישע רעכטע, ווי צ.ב.ש. דעם געזעצליכען אַכט-שטונדען-טאָג אָדער דאָס אַלגעמיינע וואַהל-רעכט? אין 1893 האָבען די בעלגישע אַרבייטער זיך עראָבערט דאָס וואַהלרעכט דורך דעם גענעראַל-סטרייק און אין 1897, ווען עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אין עסטרייך די גרויסע בע-

וועגונג פֿאַר די עראָבערונג פֿון'ם אַלגעמיינען וואַהלרעכט, האָבען די אַרבייטער ערקלעהרט אין אַלע פֿערזאַמלונגען און אין אַלע גאַסען, אַז זיי וועלען אַנווענדען דאָס זעלבע מיטעל ווי אין בעלגיען.

אין פֿעברואַר 1902 האָט זיך אויפֿגעהויבען דאָס פּראָלעטאַריאַט פֿון באַרצעלאָנאַ צום אַלגעמיינעם סטרייק, און די אַרבייטער זיינען אימשטאַנדע געווען צו האַלטען די גאַנצע שטאָדט פֿאַר אַ וואָך צייט אין זייערע הענד, טראָץ די סאָלדאַטען און זשאַנדאַרמען. פּ אַ ב ל אָ א י ג ל ע ז י אַ ס, דער פֿיהרער פֿון דער שפּאַנישער סאָציאַל-דעמאָקראַטי, האָט דאַמאָלסט איבעראַל אויפֿגעפֿאָדערט זיינע אַנהייגנער (צום גליק גיט עס אין שפּאַניען ניט פֿיעל פֿון זיי), זיי זאָלען געהן סקעבען. אין מאַנכע בעצירקען האָבען די סאָציאַלדעמאָקראַטען זאָגאַר געשיקט דעפּוטאַציאָנען צו דער רעגירונג, אום אויסצודריקען זייער פֿרידליכען און געזעצליכען כאַראַקטער, און אום איהר צו פֿערזיכערן, אַז זיי אַלס אַנהייגנער פֿון די געזעצע, וועלען געווים ניט נעהמען קיין אַנטהייל אין די „אונרוהען". ווען די אויסלענדישע כאָציאַליסטישע פּרעסע האָט זיך דערפֿאַר גענומען צו איגלעזיאַס, האָט ער אַרויסגעגעבען אַן עפֿענטליכע ערקלעהרונג, אַז דער סטרייק וואָלט זיכער דורכגעפֿיהרט געוואָרען, ווען די סאָציאַלדעמאָקראַטען וואָלטען גענומען אַנטהייל אין דער בעוועגונג, נאָר ער האָט זיי צוריקגעהאַלטען, דערפֿאַר „ווייל דאָס פֿאָלק איז פֿאָרלויפֿיג נאָך ניט רייף פֿאַר זיין בעפֿרייאונג". די אַרבייטער פֿון באַרצעלאָנאַ זיינען צולעצט בעזיגט געוואָרען, אָבער טראָץ זייער מפּלה האָבען זיי בעוויזען די אונבעזיגבאַרקייט פֿון'ם גענעראַלסטרייק, דען נאָר דערפֿאַר ווייל דער סטרייק איז נאָר פּראָקלאַמירט געוואָרען אין באַרצעלאָנאַ, איז די רעגירונג געווען אימשטאַנדע צו שיקען מיליטער פֿון אַלע אַנדערע שטעדט. און טראָץ דעם האָט די גאַנצע בירגערליכע פּרעסע שוין געשריבען פֿון

דער דעמיסיאָן פֿון דעם מיניסטעריום, טראָץ דעם האָט מען שוין געפֿאָדערט, מען זאָל איינבערופֿען די רעזערוועןאון אַלעס וועגען באַרצעלאָנאַ אַליין. וואָלט דיזער גענעראַל-סטרייק, געקענט בעזיגט ווערען אויב ער וואָלט אויסגעבראָכען אין גאַנץ שפּאַניען?

אין אַפּריל 1902 האָבען אין בעלגיען 350.000 אַרבייטער אַוועקגעלייגט די אַרבייט, אום צו עראָבערן דאָס פֿאָלשטענ-דיגע אַלגעמיינע וואַהלרעכט. דער קאַמפּף, וועלכער האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט אַזעלכע גוטע האָפֿנונגען אויף ערפֿאָלג, איז פֿערלאָרען געוואָרען דורך דעם פֿערראַטה פֿון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פֿיהרער. איידער דער סטרייק האָט זיך אָנגעפֿאַנגען האָט „לע פעפּעל", דער אָפֿיציעלער אָרגאַן פֿון דער בעלגישער סאָציאַל-דעמאָקראַטי, געגעבען זיינע אַבאָ-נענטען רעוואָלווערס פֿאַר אַ פּרעזענט, און די צייטונג האָט אויסדריקליך ערקלעהרט, אַז דיזע רעוואָלווערס זיינען „פֿאַר דעם גענעראַל סטרייק". אָבער ווען דער קאַמפּף האָט זיך ווירקליך אָנגעפֿאַנגען, ווען עס האָט געגעבען טויטע און פֿערוואונדעטע, האָבען די פֿיהרער וואַנדערוועלד, אַנסעלע און אַנדערע פֿלוצלונג פּראָקלאַמירט, אַז דער סטרייק האָט זיך געענדיגט, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז מען וועט זיי מאַכען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די פֿאָלגען, און ווייל זיי האָבען ניט געוואלט פֿערלירען די פֿריינדשאַפֿט פֿון די ליבעראַלע, וועלכע האָבען געפֿאָדערט, אַז דער גע-נעראַל סטרייק זאָל זיך ענדיגען; נאַטירליך, פֿיעלע סאָציאַל דעמאָקראַטישע מאַנדאַטען זיינען געווען אַבהייניגיג פֿון די ליבעראַלע, דערפֿאַר האָט מען געמוזט ערפֿילען זייער וואונש. דיזעלבע לייטע, וועלכע האָבען פֿריהער פֿערטהיילט רעוואָל-ווערס, וועלכע האָבען ערקלעהרט, אַז זיי וועלען דורכזעצען זייערע פֿאָדערונגען מיט אַלע מיטלען, און אַז זיי וועלען זאָגאַר געהן ווייטער, פֿאַלס דער געזעצליכער וועג וועט זיי ניט

פֿיהרען צום ציעל, דיזעלבע לייטע האָבען שפּעטער די יעניגע, וואָס האָבען געגלויבט אין די ערענסטקייט פֿון זייערע ווערטער און האָבען זיך ווירקליך בענוצט מיט די רעוואָלווערס, גערופֿען לומפּען און שפּיאָנען און האָבען די אַרבייטער זאָגאַר דירעקט אויפֿגעפֿאָדערט זיי צו אַרעסטירען. וואַנדערוועלד האָט זאָגאַר ערקלעהרט אין אַ פֿערזאַמלונג, „אַז גראַדע די סאָציאַליסטען מוזען רעספּעקטירען דעם געבאָט: „דו זאָלסט ניט טויטען!" עס איז זאָנדערבאַר, וואָס דיזע העררען האָבען גראַדע דיאיעניגע געגעבען דיזען ראַטה, אויף וועלכע מען האָט געשאָסען, און וועלכע זיינען פֿערהינדערט געוואָרען דורך די סאָציאַל דעמאָקראַטישע פֿיהרער זיך צו פֿערטהיידיגען.

מיט אַ מאָנאַט שפּעטער, אין מאַי 1902 האָבען די אַרבייטער אין שוועדען בעקומען דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט מיט דער הילפֿע פֿון'ם גענעראַל סטרייק.

אין אָנפֿאַנג פֿון 1903 האָבען מיר געזעהן דעם גענעראַל סטרייק אין האָלאַנד. אין יאַנואַר זיינען די דאָק אַרבייטער פֿון אַמסטערדאַם אַרויס אין סטרייק און באַלד נאָך דער פּראָקלאַמאַציאָן פֿון דיזען סטרייק האָבען זיך די אייזענבאַהן אַרבייטער ערקלעהרט סאָלידאַריש מיט זייערע סטרייקענדע ברידער און האָבען זיך אָנגעשלאָסען צו דער בעוועגונג. אַ גלענצענדער זיג פֿון די אַרבייטער איז געווען דער רעזולטאַט פֿון דיזער סאָלידאַרישער טאַקטיק. אָבער די רעגירונג האָט זיך דערשראָקען פֿאַר דיזען ערפֿאָלג און האָט פֿאָרגעלייגט אין פּאַרלאַמענט אַ נידערטרעכטיגעס געזעץ געגען די אייזענבאַהן אַרבייטער, לויט וועלכען יעדער סטרייקער זאָל בעשטראָפֿט ווערען מיט 6 מאָנאַט געפֿענגניס און די, וואָס רייצען אָן די אַרבייטער צו סטרייקען, זאָלען בעצאָהלען פֿאַר זייער אַגיטאַציאָן מיט 4 יאָהר קערקער. זעלבסטפֿערשטענדליך האָבען זיך די אַרבייטער דאָס ניט רוהיג געפֿאַלען געלאָזט און נאָך אַ קורצע בעראַטהונג האָבען אַלע האָלענדישע

טרייד־יוניאָנס בעשלאָסען צו פּראָקלאַמירען דעם גענעראַל סטרייק. אין אָנפאַנג האָבען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען אויך גענומען אַנטהייל אין דער בעוועגונג, אום כלומרשט צו צייגען זייער פריינדליכקייט צו די אַרבייטער, (טראָעלסטראַ, דער הויפּטפיהרער פון דער האָלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטי, האָט שפּעטער עפענטליך ערקלערט אויף דעם סאָציאַל דע־מאָקראַטישען פּאַרטיי־קאָנגרעס: „מיר האָבען געמוזט נעהמען אַנטהייל אין דער בעוועגונג, דען עס האָט זיך געהאַנדעלט אום אונזער עקזיסטענץ אַלס אַרבייטער פּאַרטיי") אָבער ווען דער סטרייק האָט געזאָלט אויסברעכען, האָט „העט פאָלק"*) געוואָרענט די אַרבייטער פאַר דיזען „אַנאַרכיסטישען אַבענ־טייער". ווען דער גענעראַל־סטרייק איז טראָץ דעם פּראָקלאַ־מירט געוואָרען, האָבען זיך די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פיהרער עפענטליך אַרויסגעצייגט אַלס פעררעטער. זיי האָבען געלאָזט פערשפּרייטען פּראָקלאַמאַציאָנען, אַז דער סטרייק איז אויפ־געהויבען געוואָרען און האָבען געשיקט פון די פּראָווינצען געפעלשטע בעריכטען איבער דעם אונגינסטיגען צושטאַנד פון דער בעוועגונג, אום אָנצומאַכען אונאייניגקייט צווישען די אַרבייטער. דורך דיזע שענדליכע טאַקטיק איז דער סטרייק פערלאָרען געגאַנגען גלייך אין אָנפאַנג. די אורזאַכע וואַרום די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פיהרער האָבען אַזוי געהאַנדעלט, איז גאַנץ קלאָהר. זיי האָבען געוואָלט אַז דער גענעראַל סטרייק זאָל דורכפאַלען, אום צו בעווייזען די אַרבייטער, אַז דיזער מיטעל טויג ניט, און דער איינציגער וועג איז דער פּאַרלאַמענטאַריזמוס, דער שטימ־קאַסטען. זיי האָבען דאָס אויך גאַנץ אָפען און ציניש צוגעגעבען אין אַן אַרטיקעל אין

*) „העט פאָלק" איז דער צענטראַל אָרגאַן פון דער האָלענדישער סאָציאַלדעמאָקראַטי, וועלכער ווערט אַרויסגעגעבען מיט דעם געלד פון דער בעלגישער און דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטי אויס האַס צו דעם אַנאַרכיזמוס און ספּעציעל אויס האַס צו דאָמעלאַ ניווענהויז.

די „נייע צייט" אין סטוטגאַרט, אין וועלכען זיי האָבען צוערשט פֿעראַנטוואָרטליך געמאַכט די אַנאַרכיסטען פֿאַר דעם דורכפֿאַל, נאָר שפּעטער האָבען זיי אַליין ערקלעהרט, „אַז דיזער דורכפֿאַל האָט אויך געהאַט זיין גוטע זייטע, דען דער גלויבען אין דעם גענעראַל סטרייק האָט דורך דעם בעקומען אַ שטאַרקען קלאַפּ (!!!) און דער איינפֿלוס פֿון די אַנאַרכיסטישע מויל-העלדען איז שטאַרק אָבגעשוואַכט געוואָרען!" דער אַלטער ניווענהויז, דער פֿאַטער פֿון דער האָלענדישער אַרבייטער בעוועגונג, אַ מויל-העלד!

אָבער מיר דאַרפֿען זיך ניט פֿערוואונדערן וועגען דעם, דען פֿון אַזעלכע „סאָציאַל-פּאַראַזיטען", פֿאַר וועלכע די אַרבייטער-בעוועגונג איז ניט מעהר ווי אַ מיטעל צו בעקומען אַ פּאָליטישען איינפֿלוס א.ז.וו. פֿון זיי איז קיין בעסערעס ניט צו ערוואַרטען; זיי וועלען שטענדיג פֿערזוכען צו דער-שטיקען יעדע רעוואָלוציאָנערע שטרעבונג צווישען די מאַסען, וועלכע איז אַ געפֿאַהר פֿאַר זייער פּערזענליכע שטעלונג אין דער בירגערליכער געזעלשאַפֿט.

אַם 1טען אויגוסט איז דער גענעראַל סטרייק פּראָקלאַמירט געוואָרען אין גאַנץ שפּאַניען, אום צו צווינגען די רעגירונג צו בעפֿרייען די פּאָליטישע געפֿאַנגענע (אַריבער 260). זעלבסט פֿערשטענדליך האָבען די סאָציאַלדעמאָקראַטען ניט גענומען קיין אַנטהייל אין דיזער בעוועגונג, זאָנדערען האָבען זיך געשטעלט אויף די זייטע פֿון דער רעגירונג, פּונקט ווי זיי האָבען עס געטהאָן ביי דעם גענעראַל סטרייק אין באַרצע-לאָנאַ מיט אַ יאָהר בעפֿאָר. — די רעגירונג האָט זיך דער-שראָקען, און אין פֿערלויף פֿון צוויי וואָכען זיינען כמעט אַלע געפֿאַנגענע „אַמנעסטירט" און בעפֿרייט געוואָרען.

אין דערזעלבער צייט האָבען אין די מעהרסטע שטעדט אין זיד-רוסלאַנד און קאַווקאַז שטאַטגעפֿונען גענעראַלסטרייקס

און שטאַרקע קעמפפע צווישען די אַרבייטער און די רוסישע זעלנער. די רוסישע צייטשריפט „כלעב אי וואָליא" (ברויט און פרייהייט) פראָפאַגאַנדירט אויך די אידעע פון'ם גענע־ראַל סטרייק.

איינע פון די וואונדערבאַרסטע ערשיינונגען איז געוועזן דער גענעראַל סטרייק אין דער שפּאַנישער אינדוסטרי־שטאָדט בילבאַאָ. אין אָקטאָבער 1903 זיינען דאָרט 25,000 מיינערס אַרויס אין סטרייק, אום צו קעמפפען פאַר די אָבשאַפונג פון דעם זאָגענאַנטען „טרוק־סיסטעם" און פאַר סאַניטערע פער־בעסערונגען אין די מינען. די מיינערס זיינען ניט נאָר שרעקליך אויסגעבייטעט געוואָרען אַלס אַרבייטער, נאָר אויך אַלס קאָנסומענטען, דען זיי זיינען געצוואונגען געוועזן אַלצדינג צו קויפען אין די געשעפטען פון דער קאָמפּאַני און די הייזלעך, אין וועלכע זיי האָבען געוואוינט, האָבען אויך בעלאַנגט צו די מינען־בעזיצער. נאָכדעם ווי דער סטרייק איז אָנגעגאַנגען צוויי וואָכען אָהן אַ רעזולטאַט, האָבען די אַרבייטער פון אַלע טריידס אין בילבאַאָ פראָקלאַמירט דעם גענעראַלסטרייק און 65,000 אַרבייטער האָבען זיך ערקלעהרט סאָלידאַריש מיט זייערע ברידער, די מיינערס. די פּאָליציי און מיליטער איז געוועזן אָהנמעכטיג געגען דיזע בעוועגונג. די אַרבייטער האָבען צוגענומען די לעבענסמיטלען פון די מאַגאַזינען און צושטערט די אייזענבאַהן ליניען מיט דינאַמיט. אם דריטען טאָג, נאַכדעם ווי דער סטרייק האָט זיך שוין איבערגעטראָגען אויף איינינגע אַנדערע שטעדט, האָבען די מינען בעזיצער איינגעגעבען. די אַרבייטער האָבען געהאַט אַ גלענצענדען זיג דורך זייער סאָלידאַריטעט. דיזער סטרייק האָט אַ דאָ־פעלטען ווערטה, דען בילבאַאָ איז געוועזן די איינציגע שטאָדט אין גאַנץ שפּאַניען, וואו די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען געהאַט אַ שטאַרקען איינפלוס. זיי האָבען די אַרבייטער שטענדיג פערזיכערט, אַז דאָס טרוק־סיסטעם קען נאָר אָב־

געשאַפּט ווערען דורך אַ בעשלוס אין פּאַרלאַמענט, אָבער דער סטרייק האָט בעוויזען, אַז עס איז דאָ בעסערע מיטלען ווי פּאַרלאַמענטאַרישע בעשליסע.

* * *

דיזע אַלע קלענערע גענעראַל סטרייקס זיינען אייגענטליך ניט אַנדערש ווי די ערשטע געפּעכטע בעפאָר דעם גרויסען סאָציאַלען גענעראַל סטרייק דער צוקונפּט, פּונקט ווי די אונגעפּעהר 300 רעוואָלטען פון די בויערן אין פראַנקרייך זיינען געוועזען דער פּראָלאָג, די איינליטונג פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן.

מיר זעהען שוין היינט, ווי דאָס פּראָלעטאַריאַט בענוצט זיך אינסטינקטיוו מיט דיזער איינציגער ווירקזאַמער וואַפּע— אָפּטמאָל זאָגאַר געגען דעם ווילען פון זיינע „פיהרער", ווען עס האַנדעלט זיך צו עראָבערען געוויסע פּאָליטישע רעכטע. אָבער באַלד ווען די אַרבייטער אַליין איינזעהען אַז דאָס איז אַן איבערפּליסיגע זאַך, זיי וועלען ביסלעכווייז בעגרייפען, אַז דורך דעם סאָציאַלען גענעראַל סטרייק קענען זיי אויס־פיהרען אַלע זייערע פאָדערונגען אָהנע די פערמיטלונג פון פּאָליטישע פיהרער.

## שלוס־בעטראַכטונגען.

ביז יעצט האָבען מיר ערקלערט די אידעע פון׳ם גענעראַל סטרייק 1) אַלס טאַקטישער קאַמפּף־מיטעל; 2) אַלס די קאָנסטרוקטיווע קראַפט פאַר די רעאָרגאַניזאַציאָן פון דער געזעלשאַפט; און 3) אין איהר געשיכטליכע ענטוויקלונג.

צום שלוס נאָך אַ פּאָר ווערטער איבער די פילאָזאָפיע פון׳ם גענעראַל סטרייק; דען דיזע אידעע האָט פּונקט אַזוי גוט איהר פילאָזאָפישע גרונדלאַגע ווי דער מאַרקסיזמוס און די סאָציאַל־דעמאָקראַטי. אָבער די פילאָזאָפיע פון׳ם גענעראַל

סטרייק ד.ה. דאָס לאָגעשע סיסטעם, אויף וועלכען זיך דיזע אידעע גרינדעט, איז פיל איינפאַכער און לייכטער צו פערשטעהן ווי די פפעקולאַטיווע היפאָטעזען פון דעם מאַרקסיזמוס.

די מאַרקסיסטישע לעהרע גרינדעט זיך אויף די דערוקטיווע לאָגיק און הויפטזעכליך אויף די זאָגענאַנטע דיאַלעקטישע מעטהאָדע. די דערוקטיווע לאָגיק ערקלערט אַלע ערשיינונגען פון'ם לעבען נאָך בעשטימטע גרונד פרינציפען, ד.ה. זי ערקלערט די ערשיינונגען לויט דעם פרינציפ, דערפאַר איז דיזע מעטהאָדע שטענדיג געווען די מעטהאָדע פון די פאָעטען, די מעטהאָדע פון דער פאַנטאַזי. אָבער אין דער זעלבער צייט איז זי אויך שטענדיג געווען די לאָגיק פון דער אוטאָקראַטי און טהעאָלאָגי. די מאָדערנע וויסענשאַפט איז אינדוקטיוו; ד.ה. זי שטעלט אויף איהרע כרינציפען אויס דער סומע פון די פערשידענע ערשיינונגען, זי ערקלערט אַז די ערפאַהרונג און די פראַקטיקע איז דער פונדאַמענט פון דער טהעאָרי.

די מאַרקסיסטישע דיאַלעקטיק איז אַ מין דערוקטיווע לאָגיק און דורך איהרע גייסטרייכע שפעקולאַציאָנען האָט זי נאָך וועניגער בעדייטונג פאַר די פרעקטישע ווירקליכקייט. איינע פון די כאַראַקטעריסטישע ערשיינונגען פון דעם ריאַלעקטישען סיסטעם איז צ.ב.ש. די זאָגענאַנטע עלענדס-טהעאָרי, וועלכע ערקלערט, דאָס ערשט דורך די פאָלשטענדיגע ענטוויקלונג פון סאָציאַלען עלענד, דורך די אַלגעמיינע פראָלעטאַריזירונג קען אַרויסקומען די רעוואָליציאָן און נאָכדעם דער אלגעמיינער וואָהלשטאַנד. אום צו פערניכטען דעם היינטיגען שטאַאַט, ערקלערען די מאַרקסיסטישע טהעאָרעטיקער, אַז צוערשט איז נויטוועגדיג צו עראָבערן די שטאַאַטס מאַכט. זיי בעקעמפפען דעם יעצטיגען שטאַאַט און דאך זיינען זיי אָנהייגגער פון די שטאַאַטס מאָנאָפאָלען, טראָץ דעם וואָס דער אַרבייטער איז אין די שטאַאַטליכע אונטערנעהמונגען נאָך מעהר אויסגעבייטעט און אונטערדריקט ווי ביי פריוואַט קאַפיטאַליסטען.

זאָגאַר דער טעגליכער קאַמפף און די פאָרם פון זייער פאָליטיק ווערט בעשטימט דורך דאָס דעדוקטיוו-דיאַלעקטישע סיסטעם פון זייער טהעאָרי. די מאַרקסיסטען ווילען צ.ב.ש. ניט, אַז דאָס פאָלק זאָל אַליין עקספּראָפּריאירען די קאַפּי-טאַליסטען און דורכפיהרען די פערגעזעלשאַפטליכונג פון די פּראָדוקציאָנסמיטלען — ניין, צוערשט דאַרף מען עראָבערען די פּאָליטישע מאַכט, דאַן וועט דער שטאַאַט אויספיהרען די עקספּראָפּריאַציאָן און אָרגאַניזירען דעם אַלגעמיינען וואָהל-שטאַנד. איבערהויפּט איז די גרונד אידעע פון אַלע פּאָליטישע רעוואָליציאָנען געווען אַ דערוקטיווע, — איינציגע אינדיווידוען זאָלען איבערנעהמען די עפענטליכע מאַכט און נאָכדעם בעפרייען דאָס גאַנצע פאָלק פון „אויבען אַראָב.״

די אידעע פון׳ם גענעראַל-סטרייק, ווי מען זאָל איהר ניט בעטראַכטען, פון איהר נעגאַטיווע און פון איהר פּאָזי-טיווע זייט, איז זי פאָלשטענדיג אינדוקטיוו; זי גרינדעט זיך אויף די לאָגיק פון דער מאָדערנער וויסענשאַפט און זאָגאַר אַלס רעזולטאַט איז זי פאָלקאָמען אין אַנקלאַנג מיט די רע-זולטאַטען פון דער מאָדערנער וויסענשאַפט. דער גענעראַל-סטרייק מאַכט ניט קיין דיאַלעקטישע אומוועגען, ער שפּרינגט ניט רעכטס און לינקס, זאָנדערן ער פיהרט אונז דירעקט צום ציעל, אָהן אומוועגען און אָהנע פערמיטלער. ווי מיר האָבען שוין פריהער געצייגט, איז דער גענעראַל-סטרייק די לאָגישע פאָלגע פון די פילע קלענערע סטרייקס, ער איז דאָס רע-זולטאַט און דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון דעם פּראָלע-טאַרישען סאָלידאַריטעטס-געפיהל, וועלכעס ענטוויקעלט זיך אַלס מעהר און מעהר ביי דער אַרבייטער-קלאַסע. די אָרגאַ-ניזאַציאָן פון די געווערקשאַפטען און די פאָרבערייטונג פאַר׳ן גענעראַל-סטרייק ענטהאַלט אין זיך שוין יעצט די עלעמענטע פון דער צוקונפטיגער רעאָרגאַניזאַציאָן דער געזעלשאַפט אָהן אומוועגען, אָהנע די אָראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט.

דער גענעראַל־סטרייק ענטהאַלט אין זיך אויך די פֿאָ־
[illegible]ונג, אַז די געווערקשאַפֿטען זאָלען דירעקט איבערנעהמען
[illegible]וקציאָנס־מיטלען. דיזע פּאָפּולערע אידעע האָט זיך
כיזן [illegible]ט ענטוויקעלט צווישען די מאַסען, וועהרענד די לעהרע
פֿון דער „עראָבערונג דער פּאָליטישער מאַכט" איז ערפֿונדען
[illegible]געוואָרען פֿון די יעניגע, וועלכע האָבען פּערזענליך גע־
[illegible]טרעבט נאָך דער דיקטאַטור, ווי די געשיכטע פֿון די „אינ־
טערנאַציאָנאַלע" האָט עס בעוויזען.

מיר זעהן אַלזאָ ווי אוים דעם טעגליכען קאַמפּף פֿון די
געווערקשאַפֿטען, אוים די אָרגאַניזאַציאָנען וואָס זיינען שוין
יעצט פֿאָרהאַנען ענטוויקעלט זיך גאַנץ נאַטירליך אויף אַן
אינדוקטיווע אַרט און ווייזע דאָס גאַנצע סיסטעם פֿון דער
סאָציאַליסטישער רעאָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט. אַזוי
ווערט די ריכטיגקייט פֿון דער גענעראַל־סטרייק־אידעע די־
רעקט בעוויזען, דורך די מאָדערנסטע און איינציגע וויסענ־
שאַפֿטליכע מעטהאָדע פֿון דער פֿאָרשונג און אונטערזוכונג —
די אינדוקטיווע לאָגיק.

* * *

יעדער נייער פּאָליטישער צושטאַנד איז דער רעזולטאַט
פֿון אַ נייע עקאָנאָמישע פֿאַזע אין דער מענשליכער ענטוויק־
לונג. די אַבסאָלוטע מאָנאַרכי האָט זיך געגרינדעט אויף דעם
פֿעאָדאַליזמוס; דער מאָדערנער פּאַרלאַמענטאַריזמוס גרינדעט
זיך אויף דעם קאַפּיטאַליזמוס און די לוין־שקלאַפֿעריי.

דער פּאָליטישער אויסדרוק פֿון אַ פֿרייע געזעלשאַפֿט,
וואו עס גיט ניט מעהר קיין פֿערשיעדענע קלאַסען און קיין
אויסבייטונג, פֿון אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע גרינדעט זיך אויף
די פֿרייע פֿעראייניגונג און די פֿרייע קאָ־אָפּעראַציאָן, איז די
הערשאַפֿטס־לאָזיגקייט — די אַנאַרכיע.

זאָגאַר פֿ ר י ד ר י ך ע נ ג ע ל ס גיט עס צו אין זיין
שריפֿט „דער אורשפּרינג פֿון דער פֿאַמיליע, דעם פּריוואַט־

אייגענטהום און דעם שטאַאַט", וואו ער זאָגט: „דער אוי
טערגאַנג פֿון די קלאַסען איז פונקט אַזוי אונפֿערמייז
זייער ענטשטעהונג. און צוזאַמען מיט זיי מוז ויך
שטאַאַט פֿערשווינדען. די געזעלשאַפֿט, וועלכע וועט
גאַניזירען די פּראָדוקציאָן אויף דער גרונדלאַגע פֿ
פֿרייער און גלייכער פֿעראייניגונג פֿון די פּראָדוצירער, וועט
די גאַנצע שטאַאַטס-מאַשינע אַוועקטראָגען דאָרטען, וואו
איז דאָ אַ פּאַסענדער פּלאַץ פֿאַר איהר — אין דאָס מוזע
פֿון די אַלטערטהימער, לעבען דאָס שפּין-ראָד און די האַק
פֿון בראָנד". — אַזאַ צושטאַנד — דער סאָציאַליזמוס אָהן
רעגירונג — איז דער קאָמוניסטישער אַנאַרכיזמוס.

אָבער אויך די פֿאָרם פֿון דער רעוואָלוציאָן לאָזט זיך
ערקלערען אויס די עקאָנאָמישע בעדינגונגען. די עקאָנאָמישע
אומשטענדע, וועלכע האָבען פֿעראורזאַכט דעם יאַקאָבינים-
טישען כאַראַקטער פֿון דער רעוואָלוציאָן, עקזיסטירען היינט
ניט מעהר, אויך איז עס גאַנץ קלאָר, אַז דער פּאַרלאַמענ-
טאַריזמוס איז ניט אימשטאַנדע צו פֿערניכטען דעם קאַפּי-
טאַליזמוס, דען ער אַליין איז ניט מעהר ווי אַ פּראָדוקט פֿון
דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם. אָבער די פֿאָרם פֿון דער
רעוואָלוציאָן אַלס גענעראַל-סטרייק איז פֿאָלקאָמען אין אַנ-
קלאַנג מיט די עקאָנאָמישע בעדינגונגען פֿון אונזער צייט, זי
איז דאָס לאָגישע רעזולטאַט פֿון די סאָציאַלע געגענזעצע,
דער נאַטירליכער פּראָדוקט פֿון דער גאַנצער סאָציאַלער
ענטוויקלונג.

די אידעע פֿון'ם גענעראַל-סטרייק איז די בעסטע רעפֿ-
לעקציאָן פֿון דער שטענדיגער פֿערערגערונג פֿון די סאָציאַלע
געגענזעצע, זי איז דער מאָדערנסטער, קלאָהרסטער און
דייטליכסטער אויסדרוק פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציאָן.

דער גענעראַל-סטרייק וועט זיין די לעצטע און העכ-
סטע שטופֿע פֿון דער אַלגעמיינער סטרייק-בעוועגונג, ער איז

אַ פּראָדוקט פֿון דער מאָדערנער אינדוסטרי, אַ וואָפֿע, וועל־
כע דער קאַפּיטאַליזמוס האָט זעלבסט געשמידעט, און וועל־
כע וועט איהם פֿערניכטען אויף אימער.

זאָגאַר נאָך דעם גלענצענדסטען זיג פֿון דעם געוועהנלי־
כען לוין-סטרייק בלייבט דער אַרבייטער טראָץ דעם ווייטער
אַ לוין-שקלאַף. עס איז וואָהר, אַז דער אַרבייטער איז היינט
ניט מעהר דער שקלאַף פֿון אַ בעשטימטען קאַפּיטאַליסט,
אָבער ער איז זיין גאַנצעס לעבען לאַנג אַ שקלאַף פֿון דער
גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער קלאַסע, און עס איז אונמעגליך
פֿאַר איהם זיך צו בעפֿרייען פֿון דיזער שקלאַפֿעריי אינער־
האַלב פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט.

דאָס ציעל פֿון די געווערקשאַפֿטען ווערט פֿיל גרעסער
און ברייטער, ווען זיי וועלען זיך ניט מעהר אויסשליסליך
בעגנוגענען צו מאַכען דעם דרוק פֿון דעם קאַפּיטאַליזמוס
אַביסעל ערטרעגליכער, ווען זיי וועלען בענוצען זייערע אָר־
גאַניזאַציאָנען און זייער קאַמפּף-מעטהאָדע, אום צו פֿערניכ־
טען יעדע אונטערדריקונג, ווען זיי וועלען אָנשרייבען אויף
זייער פֿאָהן די פֿאָלשטענדיגע בעפֿרייאונג פֿון׳ם פּראָלעטאַר-
יאַט. די געווערקשאַפֿטען האָבען אַ גרויסע מיסיאָן פֿאַר דער
צוקונפֿט, זיי זיינען ניט נאָר די ערציהונגס-שוהלען, דער
קאַמפּף-עלעמענט פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, נאָר זיי
האָבען אויך די גרויסע אויפֿגאַבע צו אָרגאַניזירען די פּראָ־
דוקציאָן און דורכצופֿיהרען די רעאָרגאַניזאַציאָן פֿון דער גע־
זעלשאַפֿט, נאָך דעם ווי דער קאַפּיטאַליזמוס איז שוין פֿער־
ניכטעט געוואָרען. דיזעס שטאָלצע און גרויסאַרטיגע ציעל
וועט זיכער טויזענדער בעגייסטערטע קעמפּפֿער אַריינפֿיהרען
אין די געווערקשאַפֿטס-בעוועגונג.

שוין די אידעע פֿון׳ם גענעראַל-סטרייק, ווען זי וועט
ריכטיג אויפֿגענומען ווערען פֿון די מאַסען, איז אַן און פֿאַר
זיך שוין אַ מאַכט, אַ שטענדיגע דראָהונג פֿאַר די בעזיצענדע

קלאַסע, ווי זאָגאַר ז ש אָ ר ע ס האָט אַליין געמוזט צוגעבען. די מורא פֿאַר דעם גענעראַל־סטרייק וועט די הערשענדע קלאַסען מאַכען פֿאָרזיכטיגער, זיי זאָלען ניט געהן צו וויים מיט זייער טיראַניי. אָבער אין די לענדער, וואו דאָס פּראָ־לעטאַריאַט האָט ניט קיין אַנדער וואַפֿע ווי דעם שטים־צעטעל, אין דיזע לענדער עקזיסטירט ניט דיזע שטענדיגע דראָהונג פֿאַר די הערשענדע קלאַסע; זיי טהאָן וואָס זיי ווילען, דען זיי דאַרפֿען ניט מורא האָבען פֿאַר אַ ווידער־שטאַנד, ווי מיר זעהען עס אַם בעסטען אין דייטשלאַנד.

דורך די אידעע פֿון'ם גענעראַל־פּטרייק ווערט אויך ענדליך געלייזט די אייביג־דונקעלע פֿראַגע: „ווי אַזוי פֿער־ניכטעט מען דז הערשאַפֿט פֿון די אַריסטאָקסאַטען און קאַ־פּיטאַליסטען?" דיזע פֿראַגע האָט שטענדיג געווירקט ווי אַ טויטליכע קראַנקהייט אויף די איבערצייגונג פֿון די גענאָסען, דען דאָס וואָרט „סאָציאַלע רעוואָלוציאָן" איז אַבסאָלוט ווערטה־לאָז, אַזוי לאַנג מיר זיינען זיך ניט קלאָר, וואָס פֿאַר אַ כאַראַקטער דיזע רעוואָלוציאָן דאַרף אָננעהמען. דער גענעראַל־סטרייק איז דאָס זיכערסטע מיטעל צו צושטערען די היינטיגע געזעלשאַפֿט און צו שאַפֿען וואָהלשטאַנד און פֿרייהייט פֿאַר אַלע.

אויסער דעם פֿערניכטעט דער גענעראַל־סטרייק אַלע פֿערברעכערישע פּלענער פֿון געוויסע פֿעררעטהער און די פֿערזוכע פֿון די פּאָליטיקער, וועלכע שטרעבען נאָך די דיקטאַ־טור, מיט דעם וואָס ער צושטערט די פֿונדאַמענטען פֿון יעדער מאַכט. אַנשטאַט זיך איבערצוגעבען צו נייע טיראַנען, גלויבענדיג, אַז זיי וועלען אונז בעפֿרייען, וועט דאָס פֿאָלק אַליין אויספֿיהרען די עקספּראָפּריאַציאָן און די סאָציאַליזירונג פֿון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פֿאָלגליך פֿערהינדערען יעדע רעאַקציאָן, יעדע געגען־רעוואָלוציאָן און יעדען שטאַאַטס־סטרייך.

דער סאָציאַלער גענעראַל־סטרייק איז אַלזאָ די פֿאָלשטענדיגע בעפֿרייאונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט.

ענדע.

## ביבליאָגראַפֿי פֿון דער גענעראַלסטרייק-ליטעראַטור.

---

דיזע קורצע ביבליאָגראַפֿי פֿון דער גענעראַל-סטרייק-ליטעראַטור איז ניט פֿאָלשטענדיג. איך האָב נאָר אָנגעגעבען די שריפֿטען, וועלכע, זיינען מיר פערזענליך בעקאַנט, און מיט וועלכע איך האָב זיך צום גרויסען טהייל בענוצט אין דער צוזאַמענשטעלונג פֿון מיין בראָשורע.

⁂

### אין דער פֿראַנצויזישער שפּראַכע:


Fernand Peloutier: „Qu'est-ce-que la greve generale? (Paris 1895).

Comites de la Greve generale, No. 1 (Paris 1898).

Aristide Briand: „La greve generale et la Revolution", (Paris 1900).

Groupe des Etudiants Socialistes, Revolutionaires, Internationalistes: „La greve generale," Rapport presente au congres antiparlamentaire, (Paris 1901).

Comite de propagande de la greve generale: „La greve generale," (Paris 1901).

Paul Delesalle: „L'Action syndicale et les anarchistes."
„ „ „La Greve !" (Paris 1901).

George Yvetot: „Vers la Greve generale," (Paris 1902).
Comite de Propagande de la greve generale: „Greve generale reformiste et grevə generale revolutionaire," (Paris 1903).

E. Girault: „La Greve generale revolutionaire," (P. 1903)

A. Bouchet: „Vers l'Ideal. Au Lendemain de la greve generale," (Paris 1903).


אויסערדעם איז אין 1900 ערשינען אין פּאַריז אַ צייטונג מיט דעם נאָמען „La Greve generale" אונטער דער רעדאַקציאָן פֿון ה. ז ש י ר אָ.

אין „Le Libertaire" איז ערשינען אין יוני און אויגוסט 1902 אַ לענגערע סעריע אַרטיקלען איבער דעם גענעראַל-סטרייק פֿון ע. ז ש י ר אָ.

אין לאָנדאָן איז אַרויסגעגאַנגען אין 1901 און 1902 אַ צייטשריפֿט „La Greve generale".

„La Voix du peuple" דער אָפֿיציעלער אָרגאַן פֿון די פֿראַנצויזישע געווערקשאַפֿטען, גיט זיך נאָר אָב מיט דער פּראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר'ן גענעראַל

סטרייק, און „L'Action directe" אין פּאַריז האָט דיזעלבע טענדענץ. בעזאָנדערס וויכטיג זיינען די ענטפּערס פון פערשידענע פראַנצויזישע טרייד יוניאָנס אויף די פראַגע: „ווי אַזוי דאָס פּראָלעטאַריאַט וועט רעאָר־גאַניזירען די געזעלשאַפט נאָך דעם זיגרייכען גענעראַל־סטרייק", וועלכע זיינען ערשינען אין די „Voix du peuple" פון יוני ביז אָקטאָבער 1902.

## אין דער שפּאַנישער שפּראַכע:

L. Montenegro: „La Huelga general," (Barcelona 1899).

„Porque de la Huelga general".

Anselmo Lorenzo: „El Trabajador y la Huelga revolucionaria."

אויסערדעם זיינען נאָך ערשינען פערשידענע איבערזעצונגען אויס דעם פראַנצויזישען.

פון 1901 ביז 1903 איז ערשינען אין באַרצעלאָנאַ די צייטשריפט „La Huelga general", די רעגעלמעסיגע ערשיינונג פון דיזער צייטונג איז אונטערבראָכען געוואָרען דורך די אַרעסטירונג פון די רעדאַקטאָרס און דורך די פּראָקלאַמאַציאָן פון דעם קריגס־צושטאַנד אין באַרצעלאָנאַ. גאַנץ בעזאָנדערס וויכטיג זיינען די ענטפערס אויף די פראַגע: „ווי אַזוי וועט דאָס פּראָלעטאַריאַט רעאָרגאַניזירען די געזעלשאַפט נאָך דעם זיגרייכען גענעראַל־סטרייק?" וועלכע זיינען פערעפענטליכט געוואָרען אין דער אויבען דערמאָנטער צייטשריפט פון נומער 12 ביז 20.

מעהרערע אויסגעצייכענטע אַרטיקלען איבער דעם גענעראַל־סטרייק זיינען פּובליצירט געוואָרען אין 1902 אין „¡La Tierra!", אַן אַנאַרכיסטישע וואָכענשריפט אין האַוואַנאַ, קובאַ.

אַלע אַנאַרכיסטישע צייטונגען אין שפּאַניען, פּאָרטוגאַל און זיד־אַמעריקאַ, אונגעפעהר 40, פּראָפּאַגאַנדירען דעם גענעראַל־סטרייק.

## אין דער פּאָרטוגעזישער שפּראַכע:

אויסער די אַנאַרכיסטישע צייטונגען, ערשיינט זייט 1902 אין ריאָ דע דזשאַניירא, בראַזיליען, אַ ספּעציעלער אָרגאַן פאַר די פּראָפּאַגאַנדאַ פון'ם גענעראַל־סטרייק—„A Greve".

## אין דער איטאַליענישער שפּראַכע:

„Lo Sciopero generale il su fine ei sui mezzi." (1901).

אויסערדעם גיט עס פילע איבערזעצונגען אויס דעם פראַנצויזישען.

אין 1902 און 1903 איז אין לאָנדאָן ערשינען אַ צייטונג — „Lo Sciopero generale“.

++

## אין דער ענגלישער שפּראַכע:

זייט אָקטאָבער 1903 ערשיינט אין לאָנדאָן „The General Strike“ רעדיזשירט פון ס. מיינוואָרינג, און זייט 1904 ערשיינט אין גלאַזגאָ „The Voice of Labour“.

++

## אין דער רוסישער שפּראַכע:

אין רוסיש ערשיינט „Chleb i Wolja,“ וועלכע פּראָפּאַגאַנדירט דעם גענעראַל-סטרייק.

++

## אין דער פּוילישער שפּראַכע:

Dr. T Zielinski: „Streyk powszechny,“ (Paris 1900).

## אין דער האָלענדישער שפּראַכע:

F. Domela Niewenhuis: „De Algemeene Werkstaking van 1903—wat zy was en wat zy ons leert“, (Amsterdam, 1903).

T. Luitjes: „Anarchisme en Algemeene Werkstaking“, (Amsterdam 1903).

„Algemeene Werkstaking“ (אַ פלוגבלאַט, וועלכע איז פערשפּרייט געוואָרען אין 50,000 קאָפּיס).

אויסערדעם פּראָפּאַגאַנדירען כמעט אַלע אַנאַרכיסטישע און טרייד-יוניאָניסטישע צייטונגען אין האָלאַנד דעם גענעראַל-סטרייק.

## אין דער דייטשער שפּראַכע:

Siegfried Nacht: „Der Generalstreik und die soziale Revolution“, (London 1902).

R. Grossmann und F. Thaumazo: „Karl Kautsky und die soziale Revolution,“ (New York 1902).

## אין דער טשעכישער שפּראַכע:

אין דער „Omladina“ איז ערשינען אַן איבערזעצונג פון ז. נאַכט'ס אַרטיקעל-סעריע: „דער גענעראַל-סטרייק“, וועלכע איז צום ערשטען מאָל פּובליצירט געוואָרען אין „Neues Leben“ פון דעצעמבער 1902 ביז פעברואַר 1903.



## אין דער אידישער שפראַכע:

זיעגפריעד נאַכט: „דער גענעראַל-סטרייק און די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן", (לאָנדאָן 1904).

אויסערדעם זיינען אין די „פרייע אַרבייטער-שטימע" און ספּעציעל אין „אַרבייטער פריינד" ערשינען צאַהלרייכע אַרטיקלען איבער דעם גענעראַל-סטרייק.

אויך אין אַנדערע שפּראַכען גיט עס צאַהלרייכע שריפטען איבער דיזע אידעע, נאָר ליידער בין איך ניט געווען אימשטאַנדע אַלעס צו בעקומען.



# דער לעצטער סטרייק.

ווי לאַנג, אָ ווי לאַנג וועט איהר, ברידער, נאָך סטרייקען
פיר דאָס שטיקעלע שקלאַפענברויט?
ווי לאַנג וועט איהר שמאַכטען, ווי לאַנג וועט איהר בלוטען
אין פינסטערניש, הונגער און נויטה?

*
* *

ווי לאַנג וועט איהר שטעהן מיט אַ נאַקעטען רוקען
אונטער'ן בייטש פון'ם טיראַן,
און שווימען פון וויגעלע ביז צו דעם קבר
דורך אַ בלוטיגען אָקעאַן?

*
* *

זאָג מיר, דו מעכטיגע, רייכטומער שאַפענדע,
אייזערנע אַרבייטער קראַפט!
וואָס האלט דיך געבונדען? וואָס צווינגט דיך פערבלייבען
ביי עטליכע רויבער פערשקלאַפט?

*
* *

וואָס דאַרפסטו שמאַכטען אין טענעמענטהייזער,
וואו אויף דיר קוקענדיג וויינען די ווענט?
דער גאָלדענער שליסעל פון פרייהייט'ס גן עדן
ליגט דאָך ביי דיר אין די הענד?

*
* *

וואַך אויף! און טרייסעל אַראָב פון די שולטער
דעם טויזענדיאָהריגען שטויב!
מיט איין קרעפטיגען שטויס צואוואַלגער, צערשמעטער
דיין תפיסה, דו אַרבייטער לייב!

*
* *

רוף צונויף דיינע שוועסטער און ברידער,
און אונטער דער רויטער פאָהן
וועלען מיר אַלע אַ סטרייק ערקלעהרען
די אויסבייטער, געלדזעק און טראָהן!

*
* *

מיר וועלען סטרייקען פֿיר פֿרייע אַרבייט,
וואָס ווייסט ניט פֿון הערר און קנעכט!
מיר וועלען סטרייקען פֿיר פֿרייהייט און גלייכהייט,
פֿיר דאָס הייליגע מענשענרעכט!

* * *

מיר וועלען סטרייקען פֿיר אַ פֿרייע וועלט
אָהן בלוטהינד, אָהן מאָרד-אינסטרומענטען,
וואו פֿרייע ליעבע און דער פֿרייער פֿערשטאַנד
וועלען זיין די פרעזידענטען!

* * *

וואו אַלע מענשליכע פֿערגניגען,
וואָס די וועלט קען געווינען נור,
וועט יעדער פֿראַנק און פֿריי געניסען
אויף'ן בוזים דער נאַטור!

* * *

פֿיר דיזען גרויסען אַלוועלטליכען סטרייק
פֿעראייניגט זיך אַרבייטער מאַסען!—
ווען איהר געווינט שוין דאָס שקלאַפֿענברויט
בלייבען הונגריגע אויף די גאַסען!

* * *

און וואָס טויג ברויט, ווען די הענד זיינען אין קייטען
און דאָס הערץ איז פֿול מיט גאַל?
אָ ניין, נאָר פֿרייהייט קען מענשען רעטען
פֿון פֿינסטערען יאָמערטהאַל!

* * *

צו איהר לאָמיר שטרעבען! פֿיר איהר לאָמיר קעמפּפֿען
ווייל זי אַליין איז נאָר ווערט,
אַז דער אַרבייטסמאַן זאָל קושען איהר שטערען
און ציהען פיר איהר זיין שווערד!

* * *

נאָר לאָמיר, ברידער, פֿערשטעהן מיט קלאָרהייט,
וואָס מיר ווילען, און ווי אַזוי;
ניט „ברויט אָדער אַרבייט!"—„טויט אָדער פֿרייהייט!"
דאַרף זיין אונזער קריעגס געשריי!

* * *

פֿאָרוועררטס, בדידער! צום לעצטען סטרייק
אונטער דער רויטער פֿאָהן!
זיין נאָמען מאַכט ציטערען אַלע טיראַנען
ער הייסט רעוואָלוציאָן!

**ד. עדעלשטאַדט.**

